בײַלאגע צו „סאָוועטיש היימלאנד"

# יונגוואלד

נומ. 12

פֿארלאג „סאָוועטסקי פּיסאטעל" • מאָסקווע • 1990

# ЕВРЕЙСКАЯ ПОЭЗИЯ БЕЛОРУССИИ




פאראנטוואָרטלעכער רעדאַקטאָר איזי כאַריק.
רעדקאָלעגיע: ז. אקסעלראָד, א. אַשעראָוויטש, א. בער, י. בראָנשטיין,
א. דאמעסעק, אי. כאַריק, מ. קולבאַק, ל. ראָזין.

באַשטעלונג 49. רעדקאָר א. ג. סמאָלין גלאַװליט 2150

В дореволюционной России Минск был провинциальным губернским городом, далеко уступавшим по культурному значению таким центрам черты оседлости как Варшава, Вильно, Киев. Еврейская культура в Минске была связана прежде всего с рабочим движением, с партией Бунд, имевшей сильные позиции среди городского пролетариата.

После революции, благодаря образованию Белорусской республики, Минск стал быстро развиваться, и скоро стал, наряду с Киевом, Харьковом и Москвой, одним из центров еврейской советской культуры. До конца 30-х годов еврейский язык был одним из четырех государственных языков республики. Работали многочисленные еврейские школы, педагогические училища, при Минском университете действовало еврейское отделение, а при академии наук Белоруссии — институт еврейской пролетарской культуры. В столице республики выходили несколько ежедневных еврейских газет, литературно-художественные и политические журналы, задававшие тон в еврейской литературе, а иногда и диктовавшие ей свои оценки. В Минске большое влияние имела пролетарская литературная критика (Хаскл Дунец, Яков Бронштейн

и др.), ревниво следившая за идеологической чистотой создаваемой новой культуры. Помимо этого, там работали и серьезные литературоведы и лингвисты (Макс Эрик, Мордехай Вейнпер).

Однако своими наиболее яркими достижениями еврейская литература Белоруссии обязана поэзии, и первое место здесь занимают Моисей Кульбак, Изи Харик и Зелик Аксельрод. Кульбак (1896—1938) переселился в Минск из Литвы в 1928 году. Он родился в Сморгони, недалеко от Вильно, получил традиционное образование. Первые стихи написал на иврите, работая преподавателем этого языка в Ковно. В 1918 году недолго жил в Минске, печатался в местных изданиях на идиш. Затем, в 1919 году, переехал в Вильно, снова работал учителем. Первая книга стихов Кульбака вышла в 1920 году. Из Вильно он в 1920 уехал в Берлин, затем, в 1923, вернулся. В Польше написал несколько поэм, драму «Яков Франк», повесть «Мессия сын Эфраима». В СССР он приехал, имея репутацию знаменитого модерниста и экспрессиониста. Крупнейшими произведениями советского периода жизни Кульбака стали роман «Зельменяне», драма «Бойтре» и поэма «Диснер Чайльд-Гарольд». В своей поэзии Кульбак смело сочетал простонародный язык, разговорную интонацию со сложной, изысканной формой и образностью, присущей еврейскому модернизму. За нарочитой приземленностью его поэзии стоит часто глубокий подтекст, иногда мистический, коренящийся в учении хасидизма.

Изи Харик (1898—1937) был одним из основоположников советской еврейской поэзии. Он родился в местечке Зембин в Белоруссии, с юных лет начал работать, переменил множество

профессий, был пекарем, аптекарем, учителем, библиотекарем. В 1919 году вступил в Коммунистическую партию, воевал в Красной Армии. Первые стихи Изи Харика опубликованы в 1920 году, и его талант сразу же был замечен. Его направили на учебу в Москву, в Литературный институт им. В. Брюсова. С этого времени он много печатается, его имя становится широко известным. Вернувшись в 1928 году в Минск, он занимает ключевые позиции не только в творческой среде, но и в руководстве литературой. Он был редактором журнала «Штерн», членом ЦИК Белоруссии, членом-корреспондентом АН БССР. Его поэзия отражает устремления еврейской молодежи того времени — прочь черта оседлости, навстречу новой жизни. Его стихи рассказывают о бурных днях, бессонных ночах, и в то же время иногда в них чувствуется затаенная тоска по утраченному, и беспокойный молодой задор переходит в неясный страх перед будущим.

Зелик Аксельрод (1904—1941) — самый молодой из этой триады поэтов. Был глубоко связан с еврейской традицией. Распад традиционного уклада жизни породил в его душе иные мысли и чувства, чем у его друга Изи Харика. Аксельрод сосредоточен прежде всего на поэтическом выражении своих душевных переживаний. Грусть, колебания между страхом и надеждой, вступали в противоречие с официальным оптимизмом, которого требовала идеология того времени. Аксельрода обвиняли в «есенинщине». Тем не менее его поэзия была очень популярна. Всего при жизни поэта вышло пять его книг.

Объединяет трех крупнейших еврейских поэтов Белоруссии и их трагическая судьба. Все они

погибли от сталинского террора 30-х годов, который особенно сильно поразил еврейскую культуру Белоруссии, положив конец жарким идеологическим спорам и обвинениям. И обвинители, и обвиняемые стали жертвами бессмысленных репрессий.

---

## אזוי האָט מען דעמלט געשריבן...

סאָף מײַ — אָנהייב יון זײַנען פאָרגעקומען אין מינסק גרויסע פארזאמלונגען פון די סאָוועטישע שרײַבער אין ווײַסרוסלאנד. ס׳איז אויך פאָרגעקומען א באזונדערע פארזאמלונג פון די יידישע סאָוועטישע שרײַבער[...]

דער זשורנאל „שטערן" איז באגאנגען א גרויסן פאָליטישן פעלער, וואָס שוין נאָך דעם סיגנאל אין „אָקטיאבער" האָט ער אָפּגעדרוקט זיסקינד לעווס א דערציילונג מיט א בילד.

די פארזאמלונג פון די שרײַבער האָט מיט רעכט אָנגעוויזן, אז די כאווירים כאריק, קאבאקאָוו און אנד., וועלכע האָבן ניט דעמאסקירט באצײַטנס די דאָזיקע סאָנים פון פאָלק, זאָלן איצט אין א גאָר נײַער שײַן באטראכטן און אופדעקן די שעדלעכע „טעטיקײַט" פון די סאָנים דונעץ און בראָנשטיין[...]

מיר מוזן מיטן גאנצן באָלשעוויסטישן ערנסט אויספילן די אופגאבע, וועלכע דער כאווער סטאלין האָט ארויסגעשטעלט אין זײַן רעדע און אין שלוסוואָרט אפן פּעוורא־פּלענום פון צק אלקפ(ב), דאָס איז — ליקווידירן די פאָלגן פון דער שעדיקערײַ און דעמלט וועלן אונדז ניט זײַן שרעקלעך קיין שום פײַנט, „וואָרעם מיר וועלן זיי צעקלאַפּן אין דער צוקונפט אזוי ווי מיר צעקלאַפּן זיי בא איצטיקער צײַט, אזוי ווי מיר האָבן זיי צעקלאַפּט אין דער פארגאנגענהײַט" (סטאלין).

„שטערן" נומ. 5, 1937

## מוישע קולבאק



* * *

געזען האָב איך ייִדישע ווערטער, ווי פּײַערלעך
קליינע, ווי פּײַערלעך קליינע,
ווי פונקען, געצויגן פון פינצטערן אַרץ.
געפילט האָב איך ייִדישע ווערטער, ווי טײַבעלעך
ריינע, ווי טײַבעלעך ריינע,
די טײַבעלעך וואָרקען און וואָרקען אין האַרץ...

## קליינע קלעזמער

קליינע קלעזמער אויף די לאַנגע, ווײַסע פּײַפּיאָלן
רופן צו א ווײַטער וועלט — — —
פון זייערע נעשאָמעס העלט
די וויסטעניש פון בלייכע אויסגעשפּרייטע טאָלן.

שטילע הייבן זיי די קאַלטע בערד די קלאַטשעוואַטע
אַרויף צו די מאַזאַלעס:
טאַטע, טאַטע, טאַטע,
מיר וואַלגערן זיך בלאַטיקע בא דײַנע פּאַלעס...

און מיט האַרטע קלעזמער־היט איבער די אויגן,
אין גרוי באַגינען,
וועבן אַלטע שפּינען
אַ הויל געוועב פון וויסטן בלוט אַרויסגעזויגן.

אַ, קליינע קלעזמער אין דער ווײַטקייט גייען אָפּ מיט טרערן
אַדורך דעם פּײַפּיאַל,
קיינער וועט ניט הערן, קיינער וועט ניט הערן
זייער קאָל.

## האַרבסט

דער לעצטער פײַערדיקער בוים אין טאָל,
פון וואַלד — דאָס לעצטע שוועמל אויסגעקליבן,
און אויפן הימל האָט דער האַרבסט צום לעצטן מאָל
אַ דרײַעק פון זשוראַוולעס אָנגעשריבן.

דער וועג פון מאַליעוו קיין פּראָפּאָליע.
ס'איז שטיל. מיר גייען אין קאַלווירט.
בלויז אין די קוסטעס פלאַנכען אויף דער דאַליע
אַ פּאָר קולאַקעס בא אַ פלעשל ספּירט.

בלויז פון די קוסטעס ווערט די וועלט געפלוכט.
אַ פויסט אַ שיקערע פאַרהייבט זיך קעגן לעבן;
נאָר זי, די ערד, ליגט ווײַניק, ווי אַ רײַפּע פרוכט,
פאַר אַלע מענטשן אָפּגעגעבן.

אדורכן נעפּל בלאנקט דער קילער שטאָל
פון דניעפּער. רו. דעם לעצטן זאנג אראָפּגעקליבן.
און אפן הימל האָט דער הארבסט צום לעצטן מאָל
א דרייַעק פון זשוראוולעס אָנגעשריבן.

## דער פּעטער איצע...

ס'האָט זיך פּעטער איצע
אויסגעלערנט שנייַדערייַ,
מאכט ער אלטע סערמיעגעס
פונקט ווי שפּאָגל־נייַ.
מאכט ער אלטע סערמיעגעס,
פונקט ווי שפּאָגל־נייַ.

קומט ער אין א דערפל אָן
מיט דעם נאָדל־פּאָדעם,
הענגט ער אויס א וויוועסקע:
„דאָ פאריכט מען בגאָדים".
הענגט ער אויס א וויוועסקע:
„דאָ פאריכט מען בגאָדים".

זיצט דער פּעטער אפן טיש
טערקיש, טאמעוואטע,
טרענט און ניצעוועט און לייגט
א לאטע אף א לאטע,
טרענט און ניצעוועט און לייגט
א לאטע אף א לאטע.

אויסגעלאטעוועט איין דאָרף,
גייט ער אין א צווייטן,
ביז ער לאָזט ארויס פון האנט
דעם געגנט א באנייטן...
ביז ער לאָזט ארויס פון האנט
דעם געגנט א באנייטן...

* * *

א בען־מיילער האָט זיך פארשטעלט אין אונדזער געגנט
פאר א פאסטעך.
האָט ער געפיטערט אפן טאטנס לאַנקעס זײַנע שאָף.

עס האָט געשמעקט זײַן פעלצל און זײַן לײַװונטענע טאָרבע
מיט שטארקע קרײַטעכצער פון װאלד און פליין,
ער האָט גענעכטיקט אף די פעטע נעפלפעלדער,
דאָס פרישע פאסטעכל, דער בען־מיילער אליין!

ער פלעגט אין װײַטן טאָל באגלייטן די לעװאָנע
און אף א הויכן בוים באגעגענען דעם מאָרגנרויט,
ער האָט זײַן דאָרשט געשטילט בא קלאָרע װאסערן
און פלעגט מיט פייגל טיילן זיך זײַן ברויט.

איינמאָל איז צו אים זײַן באס־מאלקע געקומען,
און א פארבלוטיקט שעפעלע געטראָגן,
און געדארפט א זיסע בסורע אים אָנזאָגן,
האָט דער בען־מיילער, דאָס פרישע פאסטעכל, געשוויגן
און נאָר דאָס שוואכע לעמעלע ארומגעבונדן.
ער האָט זײַן שטילע טשערעדע אין װאלד פארטריבן
און ס'איז דער בען־מיילער, דאָס פאסטעכל,
פארשוואונדן — — —



## אווגוסט

אווגוסט. איך בין אין שטעטעלע געקומען.
איז אווגוסט קיל, און דורכזיכטיק, און בלוי,
צו אָוונט רויכערט זיך א שמייכלענדיקער אומעט
און פארטאָג גייט אויף דאָס שטעטעלע אין טוי.

ס'איז לופטיק־גרינג אין זומערדיקן נעפל,
פון הייכן ווייַט מיט ווארעמקייַט און ליכט,
סע שמעקט די לופט מיט ווייַניק־קלאָרע עפל
און אין הארצן ווערט אויך ווייַניק און געדיכט...

איך האָב ניט לאנג געשאָלטן און געפלוכט דיך,
ליגסטו איצטער, שטעטעלע, פארשטילט...
גיי איך ארום אין רויך פון צוויט און פרוכטן,
און אווגוסט ליגט דאָ דורכזיכטיק און קיל.

* * *

שטעך, מײַן מעסער, מיך מיט שארפֿן קלינגל,
הארץ פֿארפֿולט איז שוין — א מילגרוים!
מײַן געלעכטער וועט זיך הײַנט צעוויגן,
ווי אן אומרו אין די הימלען...

געזוכט א גאנצן טאָג געווירצן...
בעט זיך קאָפּ מײַנער א מידער:
הימל נאָענטער, באשיק מיט בליצן
די קרויזן ליכטיקע פֿון מײַנע לידער.

אף לייטער וויגט זיך הין-און-הער א יינגל,
אָ, וואָס דארף א יונג אין הימלען? —
שטעך, מײַן מעסער, מיך מיט שארפֿן קלינגל,
הארץ פֿארפֿולט האָט זיך — א מילגרוים.

* * *

א בוים — א העלע סרייפּע — גייט אוף מיט שטילע פֿײַערן
און ס׳רוישן, רוישן מײַנע רויטע בלעטער...
פֿאל און קני ניט מער מיט שעפּסן-טײַנע,
באָרוועס-אומגליקלעך שטעטלע.

ווי ווינטן שטילינקע בלאָנדזשען דײַנע ציגן,
וואָס נאָך בלאָנדזשען עס אזוינע?
דעם לעצטן בוימל-טריף פֿון דײַנע קריגעלעך
ניט באווייַנען וועט שוין קיינער.

אשן נאקעטע פֿון דײַנע שולן,
נעם, צעשפּרייט עס איבער סטעפּעס...
נעם, צעשפּרייט עס — — —

* * *

ווען א קוק טאָן א מאמע אף זון, אף געקומענעם,
אף זון מיט באוואקסענע ברעמען, —
און מיט אויגן פארבאָרגענע פרומע
וועט זי אייגענעם זון ניט דערקענען.

אך, געווען איז דער זון אזא שטיפער,
ווי לאָשעק, וואָס לויפט נאָכן וואָגן,
האָט מיט יאָרן דער זון זיך געביטן,
איז וואָס קען שוין א מאמע איצט זאָגן?..

איז וואָס קען שוין א מאמע איצט ענדערן?..
איז איר שווער, טוט איצט וויי צו באנעמען,
פארוואָס עפּעס קוקט ער א פרעמדער,
מיט וואָס איז אים נעענטער לענין.

וועט זי קוקן אף זון, אף געקומענעם,
אף זון מיט באוואקסענע ברעמען
און בענקען, ווי מאָכיקער ברונעם
נאָך לעצטן אנטרונענעם עמער...

* * *

שטאָט מײַנע, געענוג הײַנט, —
עס טוט מיר וויי...
לאָז מיך ניט א שליידער טאָן מײַן יוגנט
צווישן ראָד, און רעלס, און הארטן שטיין.

ביז טיפער נאכט האָב איך געשלעפּט דײַן מאסע
און ניט געוואָרפן, ניט געזאָגט דיר: ניין.
איצטער זײַנען מיד מיר ביידע אקסלען,
איך גיי אהיים.

אלציינס, אלציינס! מײַן שווערע לאסט
ווערט איצט צערונען אין די אקסלען.
אויב פריִער האָב איך עמעצן געהאסט,
קען איך אים איצט ניט האסן.

וועל איך אהיים ניט גיין —
איך וועל מײַן וועג ניט שלעפּן צו א צימער.
איך וועל דאָ בלײַבן רוען אפן שטיין.
נאכט, און שטאָט, און שטערן אפן הימל...

* * *

אנטלויפן? איך קען ניט, איך וויל ניט אנטלויפן,
און ס'ווערט שוין דאָ אומעגלעך ווײַטער צו זײַן.
עס האָט זיך דער כורבן צעלייגט אף די הויפן,
אין שטויבן — פארלאָשענע טראָפּעלעך שײַן.

גאָרנישט און ליידיקײַט. פּוסטקע און ווינטן.
עס הענגט דאָ א שטילע, פארלאָשענע שאָ...
איך גיי, און מיר דאכט זיך — מע גייט נאָך פון הינטן,
קער איך זיך אום, — איז דאָ קיינער ניטאָ.

גיי איך פּאמעלעך און ס'ווילט זיך מיר יאָגן...
עס הילכט דאָ צעשראָקן מײַן טראָט אף דער ערד.
טראָג איך זיך אום, און איך בעט זיך: זאָל טאָגן,
זאָל טאָגן, זאָל טאָגן! איך קען שוין ניט מער.

* * *

איך האָב פלוצלינג הייַנט דעם טויט דערפילט
און אָפּגעשפּרונגען צען טריט אף הינטער. —
איך קען דאָך ניט פארבלייַבן שטיל,
ווי דערפעלע פארשאָטענעם מיט ווינטער...

איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געפרייט זיך און געקוויקט
מיט לעצטער רו פון צוגעמאכטע אויגן,
און כ׳האָב זיך קיינמאָל ניט געצויגן צו א שטריק,
ווי ס׳ציט זיך הונגעריק אן אייפעלע צום זויגן.

זינט איך האָב א ביסל זיך דערקענט,
רוישט אין מיר, ווי פרילינג אף די הרעבליעס,
און ס׳דאכט זיך מיר — איך טראָג אין מייַנע הענט
דעם אָנהייב און די ענדע פון מייַן לעבן.

אוי, לעבן מייַנס, מייַן אומרוּיקער פרייַנט,
איך וועל מיט דיר נאָך לאנג זיך ניט צעשיידן, —
און כ׳וועל געוויס נאָך לעבן זייער לאנג
און עפּשער לענגער נאָך אפילע פון מייַן זיידן.

און וועט א קויל מיך טרעפן שטילערהייט,
וועט מיך די קויל געוויס ניט קענען נעמען.
איך האָב עפּעס הייַנט דערפילט דעם טויט,
און הייב זיך אָן פאר זיך אליין צו שעמען...

## זעליק אקסעלראָד



* * *

האָט אמאָל מײַן זיידע אין א ווילנער שול
אויסגעזונגען זיך און געוואָרן דול...

זינג צום לעצט מיר — פון א זיידן, וואָס איז דול,
זינג פאר מיר — נו, האָב אויך א האריץ א פײַפל —
אזויווי זינגסט באנאכט פאר זיך אליין,
ווען זון האָט זיך ביז ערד פארקײַקלט,
און וויל טיפער, ווײַטער ניט פארגיין...

מײַנע אויגן אף גאס אוועקגעקײַקלט
פיר מיך אָפּ אף נאכטלעגער אהיים...
כ׳האָב אויך א האריץ — א שטילן פײַפל,
וויין איך אין דער שטיל אפן פארגיין...

מיט קאלטן ליכט איז שטאָט איצט פול,
און ס׳הענגען, וויגן זיך אזעלכע שטערן...
און פון אן אייניקל, וואָס קען נאָך דולער ווערן...

* * *

ווערט שווער אמאָל פון שוויַיגנדיקע אָוונטנס,
פון אומרו מיַינעם, וואָס רוט נאָך אונטער העמד...
אזויפיל פרעמדע זיַינען מיר געוואָרן נאָענט
און נאָענט־ליבע ווערן וויַיט און פרעמד...

דאָ אין לאנד, ווו שטורעם האָט געטריפן,
פארוואקסן נאָענטע מיט פראָסט און קעלט. —
איז גוט מיר אָנטאפּן מיַין הארץ ביז טיפן,
וואָס קען נאָך רוישן איבער וועלט...

* * *

קיינער וויל ניט הערן אָוונטיקן קלאנג,
ווען אין שויבן קלאפּט שוין אָן דער טאָג...
זיך אליין דארף איך א סאך נאָך זאָגן,
פרעמדע, וויַיטע האָבן מיר שוין אלץ געזאָגט.

מיַין אייגן קאָפּ הייב אָן היטן,
אָף אנדערע פארלאָזן זיך — גענוג...
א וויַיטער ווינטער האָט מיך געזאָלט פארשיטן,
פון דעמלט אָן בין איך געוואָרן קלוג...

מיר זיַינען דאָ געוווינט מיט טויזנטער צו ריידן,
שריַיען, בריַיען ביז די וויַיסע ציין...
זאָל אָוונטיקער פיַיער זיך פארשפרייטן,
שוין ציַיט א רעד טאָן מיט זיך אליין.

מיַין לינקער אויג איז שווארצער, גרעסער,
קוק איך ווען־ניט־איז אזוי אָף זיך...
איך וויל ניט, איך וויל גאָר ניט קיין בעסערס,
נאָר קענען שרעק פון אייגענעם געזיכט.

עס רוט אף מיר דער ווייַנענדיקער שמייכל,
מיַין רויטער אויסגעשריי אין וויַיסן פראָסט...
רוסלאַנדס ערד האָט אף מיר פארצייכנט
אזא שטילן, לויטערן פארדראָס...

שרעק איך זיך פאר קומענדיקן וואָגל,
פאר מיַין שטיַיגן אין א וויַיטן טאָג...
זיך אליין דארף איך א סאך נאָך זאָגן,
פרעמדע, וויַיטע האָבן מיר שוין אלץ געזאָגט.

## יוגנט מיַינע, יוגנט

יוגנט מיַינע, יוגנט, ווילדער בריק,
קען איך ניט פאַרויסגיין — לאָז איך זיך צוריק...

פיַיערן, לאמטערנס שפּילן מיר דאָ צו,
פיַיערן, לאמטערנס פּירן ערגעץ־ווּ...

און עס שפּילט פונוויַיטן און סע הייבט און טראָגט
אזא וויַיסער אָוונט נאָך א גרויען טאָג...

פאלן קלאנגען, ווי ווינטערדיקע שטערן,
קלאנגען ליכטיקע, און אלע, אלע הערן...

נאָר אליין דער שפּילער איז שוין טויב אצינד,
נאָר אליין דער שפּילער — א פארלאָרן קינד...

קיינער שפּילט ניט, גאַרניט קומט ניט פאָר,
ס'איז א מענטש געשטאָרבן איז שוין הונדערט יאָר...

בעטן זיך אפישן און אפישן שריַיען,
פון געהער פון טויבן מוז מען אים באפריַיען...

און ס׳איז שטיל אזוי, און ס׳איז ווײַס אזוי,
אינמיטן מארט זיך שיט א נאסער שניי...

נאָר שויבן לײַכטן זיך אין שענקען אלע
און שטולן הייבן זיך און גלעזער פאלן...

און מע זשליאָקעט ווײַן און ס׳גיסט זיך שוין פון ביר
און ס׳ריפּעט הייזעריק א שטומפּיקער קלאַוויר...

## ווי אלע קינדער

ווי אלע קינדער האָב איך אויך א היים,
א טאטן מיט א מאמען אין צימערן א פּאָר.
און בלײַב איך ווען־ניט־ווען אין שטוב אליין,
פארטראכט איך זיך אף טאטנס גרויע האָר...

די אָוונטיקע שאָ, די טונקעלע און קלאָרע
גיט דעם קאָפּ מײַנעם צו אים א צי.
אזויפיל ליטערקײַט האָט ער פארלאָרן
אין שאָען פּײַן, אין יאָרן מי...

זײַן דארער פּאָנעם האָט פארהיט די צייכנס
פונעם גרויסן וואָגל איבער קאלטן לאנד,
זײַן זון זײַן עלטערער נאָר מאָלט און צייכנט
מיט ציטערנדיקע פינגער פון זײַן האנט...

און איך, זײַן צווייטער זון, גאָר לידער שרײַב.
וואָס קענען מײַנע פערזן אים פארטרויען?
אז ס׳פעלט אמאָל א העמד אים אפן לײַב,
אָדער אז הימל שײַנט ווי אלעמאָל אין בלויען...

הינטער פענצטער פאלט א ווײַסער שניי,
א ווינטער-אָוונט, א געסעלע א וויסטע.
זײַן דריטער זון איז איצט אין דער ארמיי
און שיקט אהיים בריוו אומזיסטע...

מיר קלײַבן זיך צונויף און גייען זיך פאנאדנער,
יעדערער באזונדער, יעדערער מיט זיך.
ס'איז גרויס די וועלט אף זוכעניש און וואנדער
און קליין די שטוב אין טונקלע פאסן ליכט...

## אלטע היים

שינדלען, שטרוי און נידעריקער דאך,
געסעלעך געבויגן און פארלאָזטע הויפן.
אלע וואָלטן זיי זאָגן: „א גוטע נאכט",
גערן אָפּפאָרן און גערן צו אנטלויפן...

האָט מען גערופן אלעמען צוזאמען
און גערעדט צו זיי: ביראָבידזשאַן.
מיר ווייסן ניט, וואָס דאָרט איז פאראנען,
עסן ווילט זיך, גיט א שטיקל לאנד.

ווערן אויגן טיפער און דער קאָפּ ווערט גרויער,
און ס'ציטערן די ליפּן: וואָס וועט זײַן?
פריער פרילינג ווערט אלץ בלויער
און רייצט מיט פרילינגדיקער שײַן...

בין איך ווידער דאָ
האָט מען מיך באגעגנט
אין א גוטער שאָ
מיט א פרילינג-רעגן...

ריידן זיי צו מיר
און צו מיר זיי זאָגן:
גיב זיך נאָר א ריר,
שפּאַן צוריק דעם וואָגן...

וואָס איז דאָ געשען
וויסטו דאָך אליין,
איז דאָ עפּעס געווען
איז ניטאָ שוין מיין...

ווארטן מיר איצט אלע
אף די געסט, די זין,
זיי זאָלן אונדז אלע
צונעמען אהין...

נעמען אונדז צו זיך
ערגעץ־ווו פונדאנען —
נעמען אונדז צו זיך
דעם טאטן מיט דער מאמען...

הער איך ווידער אויס און ווידער שטיי איך דאָ,
געסעלעך געבויגן און פארלאָזטע הויפן,
גלייך איך בין געווען און גלייך איך בין ניטאָ,
געוואָרן אָפּפאָרן און געוואָרן צו אנטלויפן...

# אַ טערק

אַ שמאָלע, קאָכיקע גאַס. שילד אויף שילד. ווו אַ טיר, דאָרט אַ קראָם. און איין קראָם זעט מעשונעדיק[1] אויס: די לאָדנס באַצויגן מיט רויטן געוואַנט, איבער דער טיר אַ גרויסע לײַוונטענע שילד. אויף איר איז אָנגעמאָלט אַ קאַסטן, אָדער אַ סוקע[2], אָנגעפּילט ביז דער העלפט מיט היי אָדער מיט וואַסער. און אויפן היי אָדער וואַסער ליגט אַ שטײַפע באַשעפעניש מיט קורצע הענטלעך, מיט אַ קאָפּ פון אַ מענטש, מיט אַן עק פון אַ הערינג. איבער אים שטייט אַ טערק מיט אַ שטעקעלע. אין הינטערגרונט זײַנען נאָך אָפּגעמאָלט ווונדערלעכע זאַכן: ס׳קאָן געמאָלט זײַן — אײַזבערג, און ס׳קאָן ווידער געמאָלט זײַן — אַ שטאָט מיט הײַזער.

קינדער שטייען פאַר דער קראָם און גאַפן אויף דער שילד: אַ יאַם-מענטש!

און פון דער אָפענער טיר פליט אויף דער גאַס אַרויס דאָס געטרילערײַ פון אַ קאַטערינקע; די צעלאָפּענע טענער פּלאָנטערן זיך צווישן די אײַליקע פאַרבײַגייער, ווי צעשראָקענע אויפעס און, דאַכט זיך, זיי מאַכן נאָך ענגער אין גאַס.

פון צײַט צו צײַט ווערט די קאַטערינקע פאַרשטומט. ווייסן שוין די קינדער פון גאַס, אַז באַלד וועט פון הינטערן רויטן פאָרהאַנג אַרויסטויכן דער טערק אַליין, און זיי רוקן זיך אָפּ באַצײַטנס.

אָט איז ער. אַ קליינער און אַ דאַרער, אין אַ פּאָר ברייטע

---

[1] מעשונעדיק [משונהדיק] странно
[2] סוקע [סוכּה] куща, шалаш



**Алтер Кацизне (1885—1941).** Родился в Вильно, детство провел в Екатеринославе (Днепропетровск). С 1910 года жил в Варшаве. Первые рассказы опубликовал на русском языке в журнале «Еврейский мир». В те годы сблизился с И.-Л. Перецем, и под его влиянием стал писать на идиш. Известен как драматург, переводчик, автор сценических обработок. Кроме того, написал множество статей по вопросам литературы, театра, искусства, общественной жизни. Был также одним из редакторов крупной варшавской газеты «Литерарише блетер».

После начала второй мировой войны Кацизне бежал во Львов и до нападения Германии на СССР работал в местном еврейском театре. Он был зверски замучен украинскими пособниками фашистов в Тернополе 7 июля 1941 года (документальный рассказ еврейского писателя Нахмана Блица о трагической гибели А. Кацизне опубликован в журнале «Советиш геймланд» № 11, 1990).

---

רויטע הויזן מיט א פּאָר גרויסע ברילן אַף דער גראָבער נאָז און, פאַרשטייט זיך, אין א טערקיש היטעלע. ער שטעלט זיך בא דער טיר. די קינדער רוקן זיך אָפּ נאָך ווײַטער: דער טערק קאָן אָפּטאָן אַף טערקיש: אָפּגיסן מיט וואַסער, אָדער נאָכוואַרפן א שטעקן. ער איז א רעצייעך[3]. קינדער ציטערן פאַר אים.

ניט שטענדיק איז אָבער דער טערק געווען אזא בייזער. פון אָנהייב, ווען זײַנע געשעפטן זײַנען געגאַנגען ניט שלעכט, באַלאָנים[4] אָנצוקוקן דעם יאַם-מענטש זײַנען געווען א סאַך,

---

[3] רעצייעך [רוצח] разбойник, бандит

[4] באַלאָנים [בעלנים, בהלנים] желающие, любопытствующие

האט דער טערק גאַנץ געמיטלעך געשפּאַסט, איבערהויפּט מיט די דינסטמיידלעך. ער האָט אפילע געהאט א מיידל בא דער קאַסע, ווײַל אליין איז ער געווען פאַרנומען מיט דרייען די קאַטערינקע און דעמאָנסטרירן די כײַע.

שפּעטער האָט דער אוילעם[5] אופגעהערט גיין. ס'האָבן זיך אויסגענומען באלאָנים. דערצו האָט זיך פאַרשפּרייט א קלאַנג, אַז די כײַע איז גאָר קיין כײַע ניט, אַז דאָס האָט דער טערק געדונגען א יינגל, אים צוגעטשעפּעט אַן עק און האלט אים אין א גלעזערנעם קאַסטן מיט וואַסער.

אנדערע ווידער האָבן אײַנגעפונען, אַז די כײַע איז יאָ א כײַע, זי איז אָבער גאָרנישט אזא פאַרשוין, עס זאָל זיך לוינען צו פאַרקוקן אָף איר. א פאַרצעף[6] האָט זי מער א הינטישן איידער א מענטשלעכן, און פון צײַט צו צײַט בילט זי אפילע אונטער. נאָר ווי דאַרט זאָל ניט זײַן, דער אוילעם האָט פאַרלוירן דעם אינטערעס.

דער טערק האָט שוין לאַנג אָפּגעשאַפט זײַן קאַסירערקע און אליין האָט ער זיך אויך ניט איבערגעהאָרעוועט. ער האָט שוין, דוכט זיך, מיט זײַנע שלעכטע געשעפטן שאָלעם גע־מאַכט. ווען ער איז אָבער געוואויר געוואָרן, אַז מע האלט זײַן כײַע פאַר א געפעלשטער, איז ער אַרײַן אין גרימצאָרן. פאַר א פּאָר פאַרשפּעטיקטע באלאָנים אָנצוקוקן זײַן כײַע האָט ער געאַרבעט מײַסים[7], צו דערווײַזן זיי, אַז דאָ איז קיין שום פעלשונג ניטאָ. ער האָט אומגעדרייט די כײַע אין איר קאַסטן, געשלעפּט זי פאַרן עק און ביכלאַל זיך באַמיט אַרויסצורופן אין איר א פונק פון טעמפּעראַמענט. איז אָבער פונקט דאָס מאָל אָף דער כײַע אָנגעפאַלן א מעלאַנכאָליע. זי האָט זיך געלאָזט דרייען, ווי א גומענע, און נאָך לאַנגע שטויסענישן האָט דער טערק קוים אַרויסבאַקומען פון איר א פּיפּס.

— אהא! איר הערט? — האָט ער זיך דערפרייט.

אָבער אַז די צוקוקער זײַנען אוועק, איז ער ווידער טרויע־ריק געוואָרן.

---

[5] אוילעם [עולם] публика

[6] פאַרצעף [פּרצוף] морда

[7] אַרבעטן מײַסים [מעשים] приходить в ярость, горячиться

„וואָס איז די פּולע[8]? — האָט ער זיך געטראַכט. — זיי וועלן דעם פּיפּס אויך אָנעמען פֿאַר אַ געמאַכטן“.

געקומט האָט שוין פֿון אים פֿאַר אַ פּאָר וואָכן דירע־געלט, און ער האָט זיך אויסגעלערנט דערשפּירן דעם באַלעבאָס אָנקומען מיט פֿינף מינוט פֿריִער, אום באַצײַטנס נעלעם צו ווערן[9] פֿון דער געפֿאַר. זײַן אייגן בעטל איז שוין לאַנג געשטאַנען הינטער אַ פֿאָרהאַנג, לעבן אַ קאַסטן מיט דער כײַע, און זיי האָבן אָפּט ביידע צוגעהונגערט.

דער טערק איז געוואָרן אַלץ בייזער. אָבער די קינדער, וואָס פֿלעגן זיך פֿאַרזאַמלען פֿאַר זײַן טיר, זײַנען געוואָרן אַלץ כוצפּעדיקער[10].

— טערק, קיין געלט האָב איך ניט, נאָר איך האָב אַ קנעפּל. לאָז מיך אַ קוק טאָן אויף דײַן יאַם־מענטש.

דעם פֿאָרשלאָג האָט דער טערק באַקומען אין אַ לעוואָנעדיקן אָוונט, בייס ער איז געשטאַנען בײַ דער באַלויכטענער טיר. און דאָס ייִנגל, וואָס האָט דעם פֿאָרשלאָג געמאַכט, האָט זיך פֿונדעסטוועגן געהאַלטן אין שאָטן.

דער טערק האָט גאָרניט געענטפֿערט. ער האָט נאָר גענומען מעטאָדיש צומאַכן די רויטע לאָדנס.

פֿאַרשפּאַרט זיך אַליין מיט דער כײַע, האָט דער טערק זיך אַוועקגעזעצט קעגן גלעזערנעם קאַסטן, אַרײַנגענומען אין ביידע הענט זײַן שמאָלן קאָפּ און אַזוי געטראַכט:

„גוט. איך האָב פֿאַרשלאָסן די טיר און דער באַלעבאָס וועט זיך דאָס מאָל ניט אַרײַנרײַסן. וואָס וועט אָבער זײַן מאָרגן?“

אַזוי האָט דער טערק פֿון אָנהייב געטראַכט. שפּעטער האָט ער פֿאַר צאָרעס אויפֿגעהערט אינגאַנצן צו טראַכטן.

און מיטאַמאָל האָט ער זיך אַליין דערשפּירט, פֿון קאָפּ ביז צו די פֿיס, ווי ער זיצט אַזוי אויפֿן בענקל אַן אײַנגעשרומפּענער[11], אַ שווײַגנדיקער. ער האָט אַפֿילע דערפֿילט די קנייטשן פֿון זײַנע ברייטע רויטע הויזן, די לאַטעס אויף זײַנע

[8] וואָס איז די פּולע [פּעולה] — что толку? что пользы?
[9] נעלעם [נעלם] ווערן — исчезать
[10] כוצפּעדיק [חוצפּדיק] — наглый, дерзкий
[11] אײַנגעשרומפּענער — сморщившийся

שיך, די ברילן אױף דער פֿאַרשװיצטער נאָז — אַלץ, װי ער װאָלט זיך אַלײן פֿון דער זײַט אָנגעקוקט.

ער האָט דערשפּירט די שטילקײַט פֿון דער שפּעטער צײַט הינטער די פֿאַרמאַכטע לאָדנס. ער האָט אין דער רעגע געצװײפֿלט, צי לעבט ער גאָר, צי איז ער אימשטאַנד זײַן קאָפּ פֿון די הענט אױפֿצוהײבן, צי איז ער אימשטאַנד דאָס גאָר צו װעלן. און פֿאַר שרעק — אַלײן ניט צו װיסן װי דאָס איז געשען — האָט ער דעם קאָפּ אױפֿגעהױבן.

גלײַך קעגנאיבער אים איז אין גלעזערנעם קאַסטן געלעגן די כײַע און אים שטאַר אָנגעקוקט.

צי דערשראָקן פֿון זײַן פּלוצלינגער באַװעגונג, צי מאָנענדיק עפּעס פּרעסן, האָט זי אַ פּאַטש געטאָן מיטן עק און לײַכט אַ־קװיטשע געטאָן.

און אַ לענגערע צײַט זײַנען זײ אַזױ פֿאַרבליבן, דער טערק מיט זײַן כײַע, פֿאַרגאַפֿט אײנער אױפֿן צװײטן. דעם טערק האָט לאַנגזאַם דורכגענומען אַ פּאַכעד[12]. ער האָט אױפֿגעהערט צו פֿאַרשטײן די שײַכעס[13] פֿון זאַכן.

— װאָס איז דאָס? װי קום איך צו דער דאָזיקער כײַע?

יאָ, װי קומט ער צו דער דאָזיקער כײַע? אַלץ דאַרף דאָך האָבן זײַן אָנהײב. מענטשן האָבן אים אָפּגענאַרט: מע האָט אים אײַנגערעדט, אַז ס'איז אַ יאַם־מענטש און אַז ער װעט דורך אים גײן אין גאָלד. און ער האָט געמאַכט אַ בײַט: אָפּגעגעבן זײַן געװעלבל מיט די טיש און בענק, מיטן טוץ שטײנערנע קאַװע־טעצלעך און מיטן אַלטן קאַװע־קעסל, און איז געװאָרן אַן אײגנטימער פֿון אַ יאַם־מענטש.

אַז זײַן כײַע איז קײן יאַם־מענטש ניט — דאָס האָט ער זיך לאַנג שױן אָנגעשטױסן.

אַ שײנעם פּאָנעם װאָלט גאָט געהאַט, װען ער באַשאַפֿט אַזעלכע מענטשן.

װאָס איז עס אָבער פֿאַרט? קײן פֿיש ניט, קײן הונט אױך ניט. און עס לעבט. און עס בעט עסן. און עס קוקט איצט מיט אַזאַ פּאָר אױגן, אַז באַם טערק שטעלן זיך די האָר קאַפּױר.

— גװאַלד, װאָס איז עס? װי קום איך צו דעם?

---

[12] פּאַכעד [פּחד] страх

[13] שײַכעס [שײכות] связь, отношение

ווי ער קומט צו דער כּייַע, האָט ער זיך פּאַר קיין אויפן ניט געקאָנט פאַרשטעלן. עפּעס א קישעף[14] האָט געשטעקט אין דער גאַנצער מייַסע.

און דאָ האָט זיך די כּייַע א ריר געטאָן פון אָרט, און דער טערק איז אופגעשפּרונגען פון בענקל א פאַרצאַפּלטער.

— אוועק פון מיר, פאַרזעעניש! איך האָב פאַר דיר מוירע!

ערשט איצט האָט ער צוריק דערפילט זייַנע אייגענע גלי־דער און איין מאָל פון אָרט זיך אָפּגעריסן, איז ער שוין געלאָפן ווייַטער. ער האָט זיך באַהאַלטן הינטערן פאָרהאַנג און זיך א וואָרף געטאָן אפן געלעגער מיטן פּאָנעם אין שטרוי־זאַק. ער איז געלעגן איין ציטערניש, און זייַן אויער און זייַן פאַרטייַעט האַרץ איז געווען דאָרט, לעבן גלעזערנעם קאַסטן, בא דער כּייַע. זייַן שרעק איז געוואַקסן. דאַפּקע איצט, ווען קיין צושויער זייַנען ניט געווען, האָט זיך די כּייַע דאָרט צעשפּילט און גענומען מאַכן עפּעס מאָדנע קונצן אף גאָר א מעשוגעדיקן שטייגער. דער טערק האָט געפילט, ווי דער פּאַכעד קריכט אים אַרום איבערן רוקן מיט א סאַך קאַלטע און האַריקע פיס. איין דינער פאָרהאַנג האָט אים איצט אָפּגעטיילט פון א פרעמדער וועלט, פון א פינצטערן טהאָם[15], וווּ מע קאָן זיך לייַכט אַראָפּגליטשן און האַלטן אייביק אין פאַלן. ער האָט געפילט, אז דער פאָרהאַנג באַוועגט זיך, אז דער טהאָם ציט אים בא א שטריק. ער איז געלעגן און ווי א קינד אומבאַהאָלפן געוויינט אין שטרוי־זאַק אַרייַן.

„וואָס וויל זי פון מיר? וואָס האָט זי צו מיר? אז איך ווייס אפילע איר נאָמען ניט... ווייַ, ווייַ! אַלע מענטשן גייען אַרום אָן כּייַעס, נאָר צו מיר אייַנעם האָט זיך א כּייַע צוגעטשעפּעט!"

דאָ האָט זיך באַם טערק דאָס האַרץ אינגאַנצן אָפּגעשטעלט און פּלוצלינג אָנגעהויבן וואַרפן זיך, ווי א קליינער יאָדער אין א צעטרייסלטן נוס. ער האָט דערהערט גאָר א מאָדנעם בויטש אין וואַסער, אַזוינס, וואָס ער האָט נאָך קיינמאָל ניט געהערט. און דער פּאַכעד אַליין האָט אים בא די שטייַפע האָר אָנגענומען, פון זייַן שטרוי־זאַק אָפּגעריסן און געצווּנגען אַרויסצושטעקן דעם קאָפּ הינטערן פאָרהאַנג.

[14] קישעף [כּישוף] — колдовство

[15] טהאָם [תּהום] — бездна

עס האָט אים געצויגן אהין, צו דער כײַע, ווי א נאכטפליג צום פײַער.

וואָס האָט ער הינטערן פאָרהאנג דערזען?

די כײַע איז זיך געזעסן אפן דעק, האלב פון וואסער ארויסגעשטעקט, די קורצע הענטלעך פארשפרייט, דעם רונ־דיקן, ווי פארקעמטן קאָפּ, פאריסן, און מיט א ברייטן שמייכל ארויסגעלאָזט פון די נאָזלעכער א פאָנטאן, וואָס האָט גע־שפריצט איבערן קאסטן, אף דער ערד אראָפּ. פאר טײַנעג[16] האָט זיך בא איר דער בויך געטרייסלט, און באם טערק זײַנען די אויגן פון זייערע נעסטן געקראָכן.

„גוואלד, איך וועל דאָס ניט אויסהאלטן! זי לאכט פון מיר! זי ווייסט יאָ, ווער איך בין, און איך ווייס ניט, ווער זי איז... הײַנט ווער איז דאָ דער טערק און ווער איז דאָ די כײַע?" יאָ. ער האָט זיך די דאָזיקע פראגע געשטעלט. ער האָט זיך אָבער א זעץ געטאָן אין קאָפּ מיטביידע פויסטן ניט צו טראכטן. זײַן אייגענער געדאנק האָט אים אויך געשלעפּט אין טהאָם ארײַן.

ער ליגט שוין ווידער הינטערן פאָרהאנג, אף זײַן שטרוי־זאק, צוגעדעקט איבערן קאָפּ, מיט וואָס ס'איז נאָר צו דער האנט געקומען. ער האָט נאָר איין קאַוואָנע[17]: זיך באהאלטן פאר איר, זי זאָל אים ניט געפינען. פון קאסטן מוז זי דאָך ארויס, ס'איז דאָך נאריש...

איצט האָט אים געשראָקן זײַן אייגענער אָטעם, זײַן קלאפּן מיט די ציין, דאָס גאנצע געפילדער, וואָס האָט אָנגעמאכט אָדער געקאָנט אָנמאכן זײַן מאָגער און צאפּלדיק וועזן. ער וואָלט זיך גערן דערשטיקט, אבי ניט ארויסצורופן אף זיך „איר" אופמערקזאמקײַט. נאָך א לאנגער צײַט, זינקענדיק אין הייסן אָטעם און קאלטן שוויס, האָט ער דורך דעם ליאַרעם פון זײַן שרעק דערהערט ארום זיך די טויטע שטילקײַט. אויך הינטערן פאָרהאנג איז שטיל געוועזן. די שרעק האָט זיך גע־שטעלט אף די שפּיץ פינגער און הינטן־ארום ארײַנגעקוקט אים אין מויער[18]. ער האָט קיין ווילן ניט געהאט מיט א פינגער א ריר צו טאָן. און צוויי געדאנקען, ווי צוויי קעץ, האָבן זיך גע־

---

[16] טײַנעג [תענוג] удовольствие
[17] קאַוואָנע [כוונה] намерение, стремление
[18] מויער [מוח] мозг

שפּילט מיט זײַן האַרץ, מיט זײַן מויער, מיט זײַן גאַנץ וועזן, און אַריבערגעשליידערט אים איינע צו דער צווייטער.

— זי שטייט שוין בײַ זײַן געלעגער...

— זי איז אינגאַנצן אַנטלאָפֿן...

דער פּאַכעד אַליין האָט אים פֿון די דאָזיקע צוויי קעץ אויסגעלייזט. ניט מיט זײַן אייגענעם ווילן איז ער אופגעשפּרונ־גען און צום צווייטן מאָל אַ שטעק געטאָן זײַן פֿאַרשיקערטן קאָפּ הינטערן פֿאָרהאַנג, ווי אין דער גיליאָטין אַרײַן: אַ סאָף זאָל עס נעמען!

די כײַע איז זיך רויִק געשלאָפֿן, צונויפֿגעקנוילט אויפֿן דעק פֿון איר קאַסטן.

דאָ איז אים ערשט געקומען אַ קלאָרער געדאַנק:

„ראַטעווען! מען דאַרף זיך ראַטעווען!"

שטיל, ווי אין אַ כאָלעם איז ער אָפּגעטראָטן פֿון פֿאָרהאַנג און שטיל האָט ער גענומען צוזאַמענבינדן זײַנע זאַכן. די שרעק האָט אים נאָך גערוידעפּט[19], אַז די כײַע קאָן זיך אופכאַפּן, ווען ער וועט פֿאַרבײַגיין. נאָר אויך דאָ האָט אים צוגעהאָלפֿן דער קלאָרער געדאַנק: ער האָט אויסגעטאָן די שיך און זיי צוגעבונדן צום פּעקל. ער האָט באַטראָטן די ערד שטיל, ווי אַ שאָטן. ער האָט זיך פֿאָרשטעלט דאָס פּאָנעם מיט זײַן טער־קיש היטעלע. ער האָט מאַמעש פֿאַרשלאָסן דעם אָטעם אין די לונגען. און אַזוי, מיטן פּעקל אויף דער פּלייצע, האָט ער אַ שופּ געטאָן, דורך דעם פֿאָרהאַנג, פֿאַרבײַ דעם קאַסטן, ווי איינער, וואָס וואַרפֿט זיך פֿון פֿײַער אין וואַסער אַרײַן. אין קאָפּ האָבן אים געקלונגען אַלע גלעקער פֿון דער וועלט, און אַלע כײַעס האָבן זיך געדאַרפֿט פֿון זיי אופכאַפּן. נאָר דאָס מאַזל האָט אים אָפּגעשפּילט, און זײַן כײַע האָט געהאַט דעם האַרטסטן שלאָף.

דאָס האָט ער אַלץ אָנגעהויבן זיך קלאָר צו מאַכן שוין אויף יענער זײַט טיר, ווען ער האָט אַראָפּגענומען דעם שלאָס פֿון די לונגען און מיט איין שלוק אײַנגעזאַפּט אין זיך די פֿרישע לופֿט, די שפּעטע שטילקײַט און די צעפֿלאָסענע לעוואָנע־שײַן. וויאַזוי ער האָט די טיר געעפֿנט, האָט ער אַפֿילע ניט געפּרוּווט צו פֿאַרשטיין. ער האָט נאָר באַמערקט לעבן זיך דעם ליכטיקן פּאַס, וואָס איז פֿון איר געפֿאַלן, און דאָס איז גענוג געווען צו

---

[19] האָט גערוידעפּט [גערודפט] преследовал

פאַריאָגן אים ביז עק וועלט. ער האָט זיך געלאָזט לויפן פאַרבײַ די געשלאָסענע קראָמען, פאַרבײַ דעם טויער פון הויף. ניט ווײַט איז שוין דער ראָג פון גאַס. דאָרט וועט ער אין א זײַטיקער פאַרלויפן...

— שטיי, טערק!

— כא־כא־כא!..

אז ער האָט געוווּסט: ער וועט זיך ניט ראַטעווען, נאַרישער טערק!..

און דער ערשטער רעגע האָט ער זיך אונטערגיביק אַראָפּגעלאָזט, פאַרזונקען געוואָרן אין זײַנע ברייטע הויזן, אונטערן דרוק פון דער פלוצלינגער מאַסע[20], וואָס איז אים אפן קאַרק געפאַלן. טעמפּע ציין האָבן זיך אים אין נאַקן אײַנגעביסן און ניט אָפּגעלאָזט. קעגן די דאָזיקע ציין האָט פּראָטעסטירט זײַן גאַנץ וועזן און ער האָט זיך געפּרוּווט א ריס טאָן. עס האָט ניט געהאָלפן. אן אײַזערנע האַנט האָט אים קימאַט צו דער ערד אַראָפּגעקוועטשט און לאַנגזאַם און מעכאַניש אים אויסגעדרייט מיטן פּאָנעם אף צוריק.

א פּאָר פּיס, מאַסיווע ווי די זײַלן און ברייט צעשטעלטע. באַקאַנטע צוויי פּײַנטלעכע פּיס. העכער א ברייטער פּירקאַנטיקער גוף, אויך א באַקאַנטער און פּײַנטלעכער. א האַלבע לעוואָנע־נאַכט האָט דער דאָזיקער גוף פאַרשטעלט. דער טערק האָט אין פאַרצווייפלטער דרייסטקײַט דעם קאָפּ פאַריסן. גאָר פון דער הייך, אים האָט אויסגעוויזן, ווי פון הימל אַראָפּ, האָט צו אים אַראָפּגעשמייכלט דאָס באַקאַנטע און פּײַנטלעכע ברייטביינערדיקע ברייטבערדיקע פּאָנעם פון דעם פּאַלש־גלויביקן הויזווירט.

און געלאַסן־צעצויגן האָט דער קאָפּ פון דער הייך אַראָפּגעטרומייטערט:

— ווּוּהין לויפט דאָס עפּעס א טערק מיטן פּעקל אינמיטן דער נאַכט?

דער טערק האָט זיך קיין רעגע ניט פאַרטראַכט:

— ווּוּהין איך לויף? אין באָד אַרײַן לויף איך.

[20] מאַסע [משא] груз, ноша

— אזוי...

דער טערק האָט לאנגזאם דעם קאָפּ אראָפּגעלאָזט, באַטראכט איינעם פון די גרויסע פּיס און געמאָסטן מיטן אויג דעם מערכעק[21] צווישן אים און זײַנע אייגענע הינער־אויגן. דאָן האָט דאָס איבער אים דער הימל געפּלאצט אין א באַטויבנדיקן לייבן־געברום, אז די קני האָבן זיך אונטערגעבראָכן.

— און דירע־געלט האָט איר שוין באצאָלט? דירע־געלט, פרעג איך!

די ריזיקע האנט האָט אים געשאָקלט, ווי א שטרויענעם. דער טערק האָט זיך דערפילט נאָענט צו א יאם־קרענק. ער האָט זיך געשעמט פאר דער פײַערלעכער לעוואָנע־נאכט, וואָס איז פלוצלינג געוואָרן פארהאָגלט מיט געשרייען.

ער האָט ווידער פארצווייפלט און דרייסט דעם קאָפּ פאריסן און דעם הויזווירט אין פּאָנעם אויסגעשריִען:

— בא אונדז איז אזא מינהעג[22].

דער ריז איז געוואָרן אף א רעגע איבעראשט פון אזא כוצפּע.

— וואָס מינהעג? ווען מינהעג? קיין דירע־געלט ניט צאָלן און מיטן פּעקל אף די פּלייצעס אנטלויפן אין באָד ארײַן נאָך האלבער נאכט? און אונדז איבערלאָזן אײַער פארשטונקענע כײַע, וואָס קיינער ווייסט אפילע ניט, וואָס דאָס איז פאר א מין! ניין, הער טערק, בא אונדז גילטן אנדערע מינהאָגים, נעמט אײַך אײַער כײַע און גייט אײַך צו אלדי שווארצע יאָר! אָבער אָן דער כײַע וועט איר פון מיר ניט ארויס, איר הערט? נו, וועגן דעם וועלן מיר נאָך מאָרגן שמועסן. דערווײַל — מארש.

און דער ריז האָט אופגעהויבן דעם טערק באם קארק, ווי א הינטל, וואָס מע שלעפּט עס צו דעם אָרט, ווו עס האָט זיך פארזינדיקט. אין דרײַ שפּרײַז איז ער געווען מיט אים לעבן דער אָפענער טיר, ווו דער ליכטיקער פּאס האָט זיך אויסגעגאָסן, ארײַנגעשלײַדערט אים אינווייניק, צו דער כײַע, און פארשלאָסן די טיר פון דרויסן.

---

[21] מערכעק [מרחק] расстояние
[22] מינהעג [מנהג] обычай

* * *

אינדערפֿרי האָט דער הויזווירט אין באַגלייטונג פֿון פּאָליציי, באַ אַ רעדל פֿון נײַגעריקע, אופֿגעשלאָסן די טיר. דער טערק האָט זיך אופֿגעהויבן פֿון ערגעץ אַ ווינקל און אַרויס צו זיי אַנטקעגן שוין גאָר אָן הויזן, נאָר מיט אַ פּאָר דינינקע, בלויִנקע פּיסעלעך. ער האָט זיך העפֿלעך פֿאַרנייגט.

— מײַנע הערן, — האָט ער אָנגעהויבן געלאַסן און סענטענצאַרטיק, — מײַנע ליבע הערן און דאַמען! זײַט וויסן, אַז יעדער שטערבלעכער איז מעכוייעוו[23] צו פֿאַרבלײַבן ביזן סאָף אויף דעם פּלאַץ, אויף וועלכן אַלאַ, אין זײַן גרויסער קלוגשאַפֿט, האָט אים אָנגעשטעלט. און ווײ איז צו דעם פֿאַרעטער!

דערבײַ האָט ער אָנגענומען די כײַע באַם עק און מיט פֿאַרשטענדעניש אַ צי געטאָן.

— קוקט, ליבע מענטשן, הערן און דאַמען, זיידעס און קינדער! דער עק איז אַן עמעסער און געהערט צו דער באַשעפֿעניש, וואָס איר זעט פֿאַר זיך. די כײַע און איר עק שטעלן פֿאָר מיט זיך איין גאַנצעס, און ניט, ווי אַנדערע ווילן מיינען, אַז ער איז צוגעטשעפּעט. דאָס איז איינער פֿון אַלאַס גרויסע וווּנדער, וואָס קיין שטערבלעכער האָט ניט דאָס רעכט צו צווייפֿלען אין זיי, אַפֿילע ווען ער פֿאַרשטייט ניט, צוליב וואָס זיי זײַנען באַשאַפֿן געוואָרן און וואָס עס האָט דערבײַ צו טאָן אַ טערק.

און דאָ האָט דער טערק איבערגעריסן זײַן דראָשע[24] און זײַנע קליינע אייגעלעך האָבן געפֿלאַמט און ראַכמאָנעסדיק[25] געטרערט הינטער די גרויסע ברילן, און פֿון דער נאָז איז אים געראונען בלוט. און פּלוצלינג האָט ער זיך צעלאַכט, אָבער אַזוי צעלאַכט, אַז דער הויזווירט האָט זיך אָפּגערוקט אויף גאַנצע דרײַ טריט.

דער ריז, דער פֿאַלשגלויביקער, האָט פֿאַרלעגן געקראַצט זײַן פֿאַרוואַקסענעם נאַקן.

— אָט וואָס עס ווערט פֿון אַ טערק, אַז מע לאָזט אים ניט צו דער צײַט גיין אין באָד אַרײַן!..

---

[23] מעכוייעוו [מחויב] זײַן — быть обязанным
[24] דראָשע [דרשה] — речь, проповедь
[25] ראַכמאָנעסדיק [רחמניתדיק] — жалостливо

# א הונט

אין מײַן שטעטל האָב איך גאָרניט געפילט די ביטערקײַט פון זײַן אין גאָלעס[1] בא די גוייִם. בא אונדז האָבן גוייִם געהאקט האָלץ, וואָס ייִדן האָבן געקויפט אין מארק. דער הייצער אין באָד איז געווען א גוי. ער האָט געטראָגן א פארלאטעטן מונדיר, וואָס א רוסישער פאָלקאָווניק האָט ארויסגעוואָרפן. דער באָד־גוי האָט ניט געהאט קיין היים און געשלאָפן איז ער אין באָד. דער שאבעס־גוי האָט געהייצט אלע ייִדישע אויוונס פאר א טרונק בראנפן. די גוייִם זײַנען געגאנגען באָרוועס ביז שפּעט אין הארבסט ארײַן, אין דער צײַט, ווען ייִדישע הײַזער־גייער אפילע זײַנען ניט געגאנגען איבערן שטעטל אָן שיך. די גוייִם פלעגן עסן שווארץ ברויט און זײַנען אויסגעגאנגען פאר א שטיקל ייִדישער כאלע.

איך האָב דעריבער ניט אײַנגעזען, פארוואָס די גרויסע ריידן אזויפיל וועגן ייִדישן גאָלעס בא די גוייִם. פאר קיין זאך אין דער וועלט וואָלט איך מיך מיט די גוייִם ניט געביטן. אָבער איין זאך איז געווען עמעס. איך בין מעקאנע געווען[2] די גוייִם, דעריקער די שקאָצים[3] פון מײַן עלטער. זיי האָבן געהאט הינט, און מיר, ייִדישע ייִנגלעך, — ניט.

די שקאָצים האָבן געהאט גרויסע הילף פון זייערע הינט אין די אייביקע מילכאָמעס, וואָס זיי האָבן געפירט מיט אונדז, ייִדישע ייִנגלעך. אין די טאָגטעגלעכע מילכאָמעס

---

1 גאָלעס [גלות] — диаспора, рассеяние еврейского народа
2 מעקאנע [מקנא] זײַן — завидовать
3 שקאָצים [שקצים] — мальчишки, босяки (неевреи)



**Израиль-Иегошуа Зингер (1893—1944).** Родился недалеко от Люблина, Польша, в раввинской семье. Младший брат И.-И. Зингера Исаак Башевис-Зингер, лауреат Нобелевской премии. И.-И. Зингер рос в атмосфере фольклорных сюжетов и хасидских легенд. В 18 лет переехал в Варшаву, перепробовал множество профессий. Первые литературные произведения И.-И. Зингера были напечатаны в религиозной газете «Дос идише ворт». Вскоре он переехал в Киев, работал корректором, курьером. В конце 1921 года он вернулся в Варшаву. И.-И. Зингер регулярно писал корреспонденции в американскую еврейскую газету «Форвертс», был одним из редакторов газеты «Литерарише блетер». Зингер известен своими романами, самый известный из которых, «Братья Ашкенази», представляет собой историю семьи крупных текстильных фабрикантов в Лодзи. В романе «Товарищ Нахман» отразился опыт жизни писателя в Советской России и его разочарование в коммунистической идеологии. Последний роман Зингера, «Семья Карновских», показывает жизнь евреев в Польше, Германии, США.

В 1933 году И.-И. Зингер переехал в Нью-Йорк, где работал в прессе, писал для театра. В Нью-Йорке он и скончался от сердечного приступа в 1944 году.

---

צווישן ייִסראָעל און אמאָלעק[4], האָבן מיר, די מאכנעס[5] פֿון ייִסראָעל, ניט איינמאָל געשטאַרקט זיך איבער די מאכנעס פֿון אמאָלעק און געיאָגט דעם סוינע[6] ביז צו זייַנע געצעלטן. אָבער דאָ פּלעגן טאָמיד די הינט קומען צו הילף דעם גע-

---

[4] אמאָלעק [עמלק] — библейский народ Амалек, заклятый враг евреев

[5] מאכנעס [מחנות] — *зд.* отряды

[6] סוינע [שונא] — враг

שלאָגענעם סוינע, און אמאָלעק, מיט דער הילף פון די קלאָוויםֿ[7], האָט געגומען יאָגן צוריק אונדזערע זיגרײַכע מאכנעס. מיר פלעגן ארויס פון אזא מילכאָמע מיט אָפּגעריסענע פּאָלעס, מיט צעביסענע פיס און מיט צעגאנגענע הערצער פון פּאכעד פאר דעם מין הונט, דעם סוינע פון ייִסראָעל.

פון קינדווײַז אָן האָט מען אין מיר, ווי אין אלע אנדערע ייִדישע ייִנגלעך, אײַנגעוואָרצלט די מוירע פאר א הונט. איך בין געווען זיכער, אז אין דער הינטישער פרײַנטשאפט צו גויִים און הינטישער סוינע צו ייִדן שטעקט אן אלטע קעלעוודיקע טעווע[8] פון גאָר אמאָל, און בלויז ווען די ייִדן זײַנען ארויס פון מיצראַיִם[9] האָט גאָט באוויזן א נעס[10], אז א הונט זאָל ניט בילן אף זיי, ווי עס שטייט געשריבן אין כומעש.

אויב איך האָב אמאָל באנומען דעם ריכטיקן מיין פון גאָלעס, איז דאָס געווען גאָלעס-הינט. איך האָב ליב געהאט הינט. בא דער גאנצער מוירע, וואָס איך האָב געהאט פאר די הינט, און עפשער טאקע דערפאר האָט עס מיך געצויגן צו זיי מיט א גוואלדיקן קויעך[11]. ניט ווײַט פון אונדז האָט געוווינט א גויִישער פעלדשער, וואָס האָט געהאט א זון אין מײַן עלטער, אנאטאָל. אָט דער אנאטאָל האָט געהאט א הונט, מיט וועלכן ער פלעגט זיך אָפּט שפּילן. ער פלעגט דעם קעלעוולערנען שטיין אף די הינטערשטע פיס, אויסשטרעקן א פוס שאָלעם-אלייכעם און נאָך אזעלכע קונצן. ער פלעגט אויך ארײַנקריכן אין הונטס מויל מיט א פויסט און דער הונט האָט ניט נאָר ניט געביסן, נאָר געקושט און געלעקט. שאָען פלעג איך אָפּזיצן באם פענצטער און צוקוקן זיך צו אָט דער גויִים-הינטישער פרײַנטשאפט. איך בין גרייט געווען אוועקצוגעבן א העלפט פון מײַן לעבן צו האָבן אזא הינטישן כאַווער. אָבער איך האָב זיך דערשראָקן פאר מײַנע אייגענע געדאנקען.

איינמאָל האָט זיך א הונט צו מיר דערנעענטערט הינ-

---

[7] קלאָווים [כלבים] собаки
[8] טעווע [טבע] натура, сущность
[9] מיצראַיִם [מצרים] древнее название Египта
[10] נעס [נס] чудо
[11] קויעך [כוח] сила

טערן שטעטל. אין דער ערשטער רעגע, אַז איך האָב געזען ווי אַ גרויסער, ברוינער, געדיכט־האָריקער הונט גייט מיר נאָך, האָב איך געטראַכט צו לויפֿן. אָבער איך האָב געוווּסט פֿון דערפֿאַרונג, אַז קיין זאַך גיט אַ הונט ניט צו אַזויפֿיל קוראַזש נאָכצויאָגן אַ ייִדיש ייִנגל, ווי ווען מע אַנטלויפֿט פֿאַר אים, און איך האָב זיך אָנגענומען מיט העלדישקייט פֿון גרויס שרעק, איך בין זיך פּאַמעלעך געגאַנגען מײַן וועג. דער הונט איז מיר נאָכגעגאַנגען. זעענדיק, אַז די סאַקאָנע[12] איז גרויס, האָב איך גענומען זיך באַשיצן מיט אַ פּאָסעק[13].

— לא יחרץ כלב לשונו[14], — האָב איך געמורמלט אַ שפּרוך, ווי מע האָט מיך געלערנט זאָגן אין אַ באַגעגעניש מיט אַ פֿירפֿיסיקן סוינע פֿון ייִסראָעל. אָבער דער הונט האָט זיך ניט וויסנדיק געמאַכט פֿון פּאָסעק און ער איז מיר נאָכגעגאַנגען יעדן טראָט מײַנעם. מיטאַמאָל האָט ער אויפֿגעעפֿנט דאָס מויל, באַווײַזנדיק גרויסע שפּיציקע ציין און אַ ראָזע צונג. איך בין געווען זיכער, אַז ער גייט מיך אָנכאַפּן באַ דער לאַנגער פּאָלע פֿון מײַן צײַגן כאַלאַטל. הינט האָבן אַ סינע צו פּאָלעס פֿון לאַנגע ייִדישע קאַפּאָטעס. אָבער דער הונט האָט בלויז געגלעט מיט דער ראָזער צונג מײַנע פֿיס און אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ נאָך אַ גלעט. זײַנע אויגן זײַנען געווען פֿול מיט גוטסקייט און קלוגשאַפֿט און אונטערטעניקייט צו מיר, דעם ייִדישן ייִנגל. איך ווייס ניט, וואָסער געפֿיל עס איז געווען אין מיר שטאַרקער — די ליבשאַפֿט צום הונט אָדער די שרעק פֿאַר אים. מעגלעך, אַז ביידע געפֿילן גלײַך האָבן מיך געשטויסן אַ גלעט צו טאָן דעם הונט איבערן קאָפּ. דער הונט איז צו מיר צוגעפֿאַלן מיט אַזאַ אויסגאָס פֿון פֿרייד און היסלײַוועס[15], אַז ער האָט מיך שיר ניט אומגעוואָרפֿן.

פֿון דעמלט אָן האָט מיך דער הונט ניט אָפּגעלאָזט. ער האָט געמוזט זײַן אַ פֿאַרלאָזן באַשעפֿעניש, הונגעריק און

---

[12] סאַקאָנע [סכנה] опасность

[13] פּאָסעק [פּסוק] фраза из Торы

[14] לא יחרץ כלב לשונו пес не пошевельнет языком своим

[15] היסלײַוועס [התלהבות] воодушевление

היימלאָז, און ער האָט פאַר קיין פאַל ניט געוואָלט אוועקגיין פון מיר אין זיין זוכעניש נאָך ברויט, שוץ און מענטשלעכער הערשאפט. ווען איך האָב אים ארויסגעטראָגן ביגנייווע[16] ברויט פון הויז, האָט ער מיר געקושט די טריט. ער האָט זיך אויסגעצויגן אפן בויך און געוויינט, איך זאָל אים אריינעמען אין הויז. אָבער איך האָב ניט געקענט טאָן אזא זאך. מער וואָלט מיר ניט געפעלט ארייַנצופירן א הונט אין הויז פון מייַן פאָטער דעם ראָוו.

אינגיכן האָט זיך געמאכט א פאסיקער מאָמענט.

אין איינעם א פרייַען מאָרגן האָט מייַן מוטער גענומען גיין צו קינד, און גיין שווער. אַלע ווייַבער פון שטעטל זייַנען אָנגעקומען צו דער געווינערן. מייַן פאָטער איז אוועק אין בעסמעדרעש[17] זאָגן טילים[18] מיט די יידן פאַר מייַן מוטערס אופגעבונדן ווערן. איך האָב געהאט ראכמאָנעס אף מייַן מוטער אין איר צאר און געפילט, אז איך דארף בעטן גאָט פאַר איר. אָבער אין דעם מאָמענט האָב איך דערהערט דאָס הינטישע געוויין, וואָס האָט מיך גערופן פון יענער זייַט טיר. איך בין אזוי איבערגענומען געוואָרן פון אָט דעם הינטישן געוויין, אז איך האָב פארגעסן אין אַלץ און ארייַנגעלאָזט דעם הונט אין פאָדערהייַזל, דאָס ערשטע מאָל.

איך געדענק ניט ווי לאנג מייַן מוטער האָט זיך געמאַטערט אין אירע ווייען, אָבער איך געדענק, אז קיינמאָל אין מייַן יינגלש לעבן האָב איך נאָך ניט געהאט דורכגעלעבט אזעלכע גליקלעכע שאָען, ווי אין אָט דעם טאָג, ווען איך בין געווען איינער אליין מיט מייַן הונט. איך האָב אים א נאָמען געגעבן „בראַטאַן“, אזוי ווי מערסטנס שקאָצים האָבן גערופן זייערע גרויסע הינט. איך האָב אים געלערנט שטיין אף די הינטערשטע פיס און דערלאַנגען מיר מיט זייַן פאָדערשטן פוס שאָלעם-אַלייכעם. גערעדט האָב איך צו אים מיט די פאָר גויישע ווערטער וואָס איך האָב געקענט, ווי געווייגלעך יידן פלעגן ריידן אף גויש צו א כייַע אָדער בעהיימע. דער הונט האָט שווער געלערנט די טוירע, וואָס איך האָב מיט אים גע-

[16] ביגנייווע [בגנבה] — украдкой
[17] בעסמעדרעש [בית־המדרש] — бесмидраш, синагога
[18] טילים [תהילים] — книга Псалмов

אקערט. ביז הײַנט פֿיל איך נאָך די װײכקײַט פֿון זײַן האָריקן פֿוס, װאָס ער האָט מיר אױסגעשטרעקט, די גלאַטקײַט פֿון זײַנע װײכע אראָפּהענגענדיקע אױערן, די װאַרעמקײַט פֿון זײַן האָריקן קערפּער, מיט װעלכן ער האָט זיך געטוליעט צו מיר. נאָך עטלעכע שאָ האָב איך אײַנגעשטעלט מײַן לעבן און אַרײַנגעשטעקט מײַנע פֿינגער אין בראַטאַנס מויל אַרײַן. מײַן האַרץ האָט געציטערט פֿון אײַנשטעלעניש. דעם הונטס צײן האָבן מיט א גוואַלדיקער צערטלעכקײַט צוגערירט זיך צו מײַן האַנט, כאָלילע קײן קראַץ אין מײַן הויט ניט צו טאָן. זײַן נאַסע, װײכע ראָזע צונג האָט געציטערט פֿון גליק באַם אַרומלעקן מײַן האַנט. װער װײסט, װי לאַנג אָט די קעגנזײַטיקע צערטלעכקײַטן װאָלטן אָנגעהאַלטן, װען פּלוצלינג עפֿנט זיך ניט די טיר פֿון דרויסן און עס באַװײַזט זיך ניט מײַן פֿאָטער, אַרומגערינגלט מיט א מיניען ייִדן, װאָס האָבן געזאָגט מיט אים טילים אַזױ לאַנג, ביז מײַן מוטער האָט געבראַכט א נײַעם זון אױף דער װעלט און מיך געמאַכט פֿאַר אױס בעניאָכיד[19].

— מאַזלטאָװ! — האָבן ייִדן געװוּנטשן מײַן פֿאָטער.

בראַטאַן האָט זיך גלײַך א לאָז געגעבן אױף מײַן פֿאָטערס ראַבאָנישער זשופּיצע. ער האָט קײן שלעכטס ניט געמײנט, ער האָט געװאָלט זיך שפּילן. אָבער מײַן פֿאָטער איז פֿאַרגליװערט געװאָרן פֿון שרעק פֿאַר דער באַגעגעניש מיט דעם קעלעװ.

— װײ איז מיר! — האָט ער געזיפֿצט, — נו, אָ, טרײַב אים אַרױס!

איך װאָלט אװאַדע דעם הינטישן פֿרײַנט מײַנעם אַרױסגעטריבן אין אײן רעגע, װען ער װאָלט ניט געשטאַנען צוגעבונדן מיט א שטריקל צו דער טיר פֿון פֿאַדערהײַזל. אין מײַן װעלן נאַכטאָן גענוי דעם שײַגעץ אַנאַטאָל אין זײַן אומגײן מיט א הונט, האָב איך מײַן בראַטאַן צוגעבונדן מיט א שטריקל. איך האָב גענומען אָפּבינדן דעם הונט פֿון שטריקל, אָבער מײַנע הענט האָבן געציטערט, און װאָס גיכער זײ האָבן געװאָלט אופֿבינדן, האָבן זײ נאָך מער פֿאַרקניפּט. מײַן פֿאָטער האָט אױסגעדריקט גרױס עקל צום הונט, און נאָך מער צו מיר, דעם הונטס כאַװער. ער האָט מיך ניט געשלאָגן,

---

[19] בעניאָכיד [בן־יחיד] единственный сын

אָבער זײַנע רייד האָבן מיר ווי געטאָן ווי שמיץ פון א רוט.

— אזוי פירט זיך א געמאָרע־באָכער[20]? — האָט ער מיך געפרעגט, — אָנשטאָט זאָגן טילים פאר דער מאמען אין אזא סאקאָנע האָסטו דיך גאָר ארײַנגענומען א הונט אין הויז זיך צו שפילן?

דער מיניען יידן ארום איז געשטאנען פארשטיינערט און מיך באטראכט.

— שיין, זייער שיין, ניטאָ וואָס צו ריידן, — האָבן זיי געזאָגט, — געפונען די ריכטיקע צײַט דערויף...

דער פארטריבענער הונט האָט געוויינט. ער האָט אראָפּגעלאָזט די אויערן, דעם עק באם קלאמערן זיך צו מײַנע פיס, ווען איך האָב אים געטריבן פון הויז. אין זײַנע אויגן איז געלעגן איבעראשונג, פײַן, בושע און באליידיקונג. איך האָב ניט געהאט קיין שענער פאָנעם פון אים. מײַן נאָמען אין שטעטל איז געפאלן, וואָס נידעריקער האָט ער שוין ניט געקענט פאלן. יאָרנלאנג האָב איך געהאט צו צאָלן פאר מײַנע עטלעכע שאָ פון יינגלשן פארגעניגן. אָבער איך האָב קיין כאראָטע ניט געהאט. איך בין געווען אויסגעהוילט פון דעם פאכעד פאר דער פרײַנטלעכסטער באשעפעניש צווישן כײַעס.

די הינט האָבן מיר אָפּגעצאָלט מיט זייער פרײַנטלעכקײַט. ביזן הײַנטיקן טאָג פילן מיר א קעגנזײַטיקע ליבשאפט.

---

[20] געמאָרע־באָכער [גמרא־בחור] — мальчик, изучающий Гемору (Талмуд)

# דור הולך ודור בא[1]

אָן אויסגעשטערנטע נאכט. א היילֿיקע, פּאַרכטיקע סלֿי־בעס־נאכט. שטילֿע, פֿינקלֿענדיקע שטערנדלֿעך קוקן אראָפּ פֿון הויכן בלֿויען הימלֿ אפֿן האלֿב־אײַנגעשלֿאָפֿענעם, ווײַלֿ אין טיילֿ הײַזער איז מען נאָך וואך. בא זעלֿיק שוסטער איז נאָך אָפֿן טיר און טויער, און זײַנע געזעלֿן זײַנען אזוי פֿארטיפֿט אין דער ארבעט, אז זיי באמערקן ניט די לֿיכטיקע אייגלֿעך פֿון הימלֿ, וואָס האָבן געוווּנקען צו זיי דורך די אָפֿענע פֿענצ־טער. די לֿאָמפּן אין שטוב בלֿענדן זיי די מידע אויגן און זיי לֿאָזן זיי אראָפּ צו דער ארבעט.

פֿארנומענער פֿאר אלֿע איז דער לֿאנגער נאָטע. ער ווילֿ זיך פֿארשלֿאָגן מיטן האמער די געדאנקען. זיי לֿאָזן זיך אָבער ניט:

עס גייען אזעלֿכע היילֿיקע טעג. אן אויצער געלֿט דארף מען... און פֿונוואנען? איבערן זומער האָט ער ניט פֿאריבעריקט קיין רובלֿ... פֿאר זיך עפּעס צו קויפֿן אף יאָמטעוו איז קיין רייד ניט, זאָלֿ נאָר אין שטוב זײַן צו לֿײַטן גלֿײַך.

אזויפֿילֿ הויצאָעס[2]: אף ראָשעשאָנע — ברוינע פֿייגלֿ... אף יאָמקיפּער — אויפּעס, קאפּאָרעלֿעך. דערנאָך גייט ערשט סו־קעס. מע זיצט מיט מענטשן איניינעם אין סוקע. דארף מען ניט פֿארשעמט ווערן פֿאר לֿײַט. און ער טרײַבט זיך צו: בע־סער ארבעטן אין דער נאכט ארײַן, אבי זײַן א מענטש צווישן מענטשן.

---

[1] דור הולך ודור בא [דאָר הוילעך וועדאָר באָ] — Поколение уходит, поколение приходит (Эклезиаст)

[2] הויצאָעס [הוצאות] — расходы



**Иче-Меир Вайсенберг (1881—1938).** Родился в местечке Желехов, в Польше. Вайсенберг происходил из бедной семьи, и прожил в нужде почти всю свою жизнь. Впервые опубликовал свои рассказы, среди них и «Один род уходит, другой род приходит» в альманахе И.-Л. Переца «Еврейская библиотека» (1904). Вайсенберг открыл для еврейской литературы жизнь низов общества, которую он изображал с предельным реализмом, без принятой в то время романтической идеализации. Темой писателя стало наступление эпохи новых общественных отношений, показанное часто на фоне революционных событий. Стиль Вайсенберга отличался энергией и пластичностью.

После смерти И.-Л. Переца, которую Вайсенберг очень тяжело переживал, начался новый период творчества писателя. Он стремился занять место своего покойного учителя в жизни еврейской литературной Варшавы. Вайсенберг редактировал литературные сборники, журналы. Помимо литературного таланта, он обладал также даром и темпераментом полемиста и сатирика, что вызывало острую реакцию коллег-писателей. Тем не менее, он сохранял популярность, и его похороны стали массовой манифестацией.

---

און ער הייבט און לאָזט אראָפּ אלץ האסטיקער און האסטיקער דעם האמער אף דער הארטער פאָדעשווע, וואָס איז געלעגן אף זײַן אויסגעדארטער, דינער קני. זײַן אכצניאָריקער כאַימל, וואָס העלפט אים אונטער און גרייט אים צו ארבעט, זיצט אָן דער זײַט, קימאט הינטער דעם פאָטערס אקסל, און קאָוועט א שטיוול, קלאפנדיק שוואך און לאנגזאם מיטן העמערל. די מידקײַט באפאלט אים פון צײַט צו צײַט, דעמלט טוט ער זיך א וויג, לאָזט אראָפּ דעם קאָפּ צו דער שויס. קעדיי מער ניט אײַנצושלאָפן, לייגט כאַימל אוועק דעם

שטיוול און גייט צו צום קובל וואסער, דערפֿרישט זיך מיטן קאַלטן וואסער דאָס פּאָנעם מיט די אויגן און גייט שטאָלץ צוריק צו דער אַרבעט. אַפֿן וועג וואַרפֿט ער א בליק צום וואַנטזייגער. „אָ־וואַ, האַלב צוועלף! מע דאַרף זיך רירן". ער אײַלט זיך צו זײַן אָרט, און פֿון אונטערן העמערל שיטן זיך לעבעדיקע קלעפּ איבער די קעפּלעך פֿון די אומרויִקע שטיפֿטן.

* * *

עלקע, א דיקלעך ווײַבל, איז געשטאַנען באַם קוימען און געפּרעגלט. זעליק, דער מאַן, דאַרף באַלד צוריקקומען פֿון גאַס, און זי רירט זיך צו, ער זאָל טרעפֿן דאָס עסן פֿאַרטיק. דער זאָד פֿון צאַפּלדיקן פֿעטס אַף דער קאָכעדיקער פּאַטעל־ניע וועקט דעם לאַנגן נאָטע פֿון זײַנע יאָמטעוודיקע דײַגעס.

— אָט אַזוי איז א טײַנעג[3]! — טראַכט ער, און אויג וואַרפֿנדיק צום קוימען. — א מײַכל! דאָס מעג שוין ראָטשילד עסן! דאָס וואַסער קומט אים אין מויל אַרײַן... דערבײַ דער־פֿילט ער אָבער, אַז דאָס האַרץ ווערט אים אויך וואַסערדיק, אַז דער געשמאַק פֿון „ראָטשילדס מײַכל", וואָס צעגייט זיך אין שטוב, שוואַכט אים וואָס א מאָל מער אָפּ.

ער קען לענגער שוין ניט זיצן און ער דרייט זיך איבער צו כאַימלען און זאָגט אים:

— ווי האַלטסטו מיט דער אַרבעט? שוין צײַט צו גיין אַהיים.

— באַלד, טאַטע, — ענטפֿערט כאַימל דערפֿרייט. און אין א ווײַלע אַרום האָבן זיי ביידע אוועקגעלייגט די אַרבעט, אָנגעטאָן די כאַלאַטלעך און געווונטשן א גוטע נאַכט דער באַלעבאָסטע. דערבײַ האָט נאָטע א פֿרעג געטאָן, ווי ער, איר מאַן, קען זיך אַצינד געפֿינען. זי פֿרעגט: צו וואָס? און ער ענטפֿערט, אַז ער דאַרף א ביסל געלט. עלקע גיט א ציי מיט די אַקסל, אַז זי ווייסט ניט, און נאָטע מיט כאַימלען האָבן

[3] טײַנעג [תענוג] удовольствие, наслаждение

זיך א לאָז געטאָן צו דער טיר, זאָגנדיק נאָכאַמאָל „א גוטע נאכט" צו דער באַלעבאָסטע מיט די איבערגעלאָזטע געזעלן.

אף יענער זייַט שוועל האָט נאָטע דערזען פאר זיך דעם שיינעם לויטערן הימל מיט די פינקלענדיקע שטערן, און האָט דערפילט, אז זייַן הארץ ווערט פול מיט שטילער פרייד. דעם הונגער האָט ער פארגעסן.

— גאָט האָט באשאפן אזא שיינע וועלט! — זאָגט ער צו כאַימלען, און טראכט באַלד, אז דאָס אַלץ איז ניט פאר די, וואָס מוזן זיצן און ארבעטן ביז אין מיטן נאכט אריַין. דאָס זאָגט ער שוין כאַימלען ניט.

— פארנאָסע! — טראכט ער וויַיטער, — מע מוז אהיימ־ברענגען כאָטש א קערבל...

ניט־ווילנדיק טוט ער זיך א טאפ אין קעשענע און רונצלט איַין דעם שטערן. „וואָס זי וועט זאָגן, וועט זי גערעכט זייַן, — טראכט ער, — זונטיק געגעבן איר א רובל. נו, איז שוין, געליבט איז גאָט, דינסטיק באנאכט. איר שווער בי־טער הארץ וועט זי, דאכט זיך, צו מיר אויסגיסן".

ער וויל זיך קלאָר מאכן, צי וועט ער נאָך קענען אויס־האלטן דאָס מאָל אהיים צו קומען אָן געלט. ער פרוווט זיך טרייסטן: עס איז שוין שפעט, אצינד דארף זי דאָך קיין געלט ניט! דעם טאָג האָט זי שוין איבערגעקומען. עלע, מאָרגן! וועט ער באַלד אינדערפרי כאפן צוויי־דריַי רובל און אהיימ־טראָגן. אָבער עס איז אים דאָך שווער אהיים צו גיין מיט די ליידיקע הענט. „זי וויסט גאָרניט, ווי שווער עס קומט אָן דאָס קערבל ארויסצוקריגן! — פארענטפערט ער זיך פאר זיך אליין. זי מיינט, איך רעד ניט, מאָן ניט! רעד, אז ווען מע דארף א רובל, ווערט ער נעלעם!"

„קום, טאטע!" — וועקט אים כאַימל, אָנרירנדיק אים באם ארבל. נאָטע באמערקט עס ניט און שפּריַיזט נאָך שטילער. ער דערמאָנט זיך, אז נאָך באם אָנבייַסן האָט זי אים דער־מאָנט, און ער האָט איר צוגעזאָגט, אז ער וועט איר שפּעטער שיקן. האָט זי נעבעך געמוזט שווארצן זיך דאָס פּאָנעם און גיין באָרגן אף וועטשערע אין קלייטל. און עפּשער האָט זי גאָרניט באקומען! דאָס וואָלט שוין גאָר שרעקלעך געווען.

נײן, — באַפּעסטיקט ער זיך אין דער דייע[4], — אַזוי גייט מען ניט אַהיים.

— הער, כאַימל! — ווענדט ער זיך צום זון, — דו גיי אַהיים, און איך וועל אָפּזוכן זעליקן און כאַפּן בײַ אים אַ ביסל געלט.

— ווײסט אים דען געפינען אַצינד?

— עפּשער. ר'איז אוודאי אין שענק.

כאַימל לאָזט זיך עס צוויי מאָל ניט זאָגן, נעמט זיך אַראָפּ אין אַ זײַטן־גאַס, און זײַנע יונגע פלינקע טריט הערן זיך וואָס אַ מאָל ווײַטער און ווערן באַלד פאַרהילכט.

* * *

די געסלעך זײַנען שוין שטיל און ליער. די קליינע נידעריקע הײַזלעך שלאָפן שוין לאַנג מיט פאַרמאַכטע לאָדנס, ווי אַראָפּגעלאָזטע ברעמען אויף פאַרשמאַכטע אויגן. און נאָטעס מידע אויגן און מידע פיס האָבן זיך אויך געבעטן רו. נאָר ער האָט געמוזט שפּאַנען איבער די שטילע געסלעך. די ברעמען זײַנען אים שווער געוואָרן ווי בלײַ, די פיס הייבן זיך קוים. ער פילט זיך ווי נאָך אַ לאַנגן שווערן טאָנעס[5]. אַזוי דערגרייכט ער די שול־גאַס.

אויף די טרעפּלעך פון דער ווײַבערשער שול האָט ער דערזען אַ זיצנדיק געשטאַלט. ער איז צוגעגאַנגען אַ ביסל נענטער און האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַרציטערט. ער האָט דערקענט די „משוגענע כײַקע". „וואָס פון אַ מענטשן קען ווערן, — שוידערט אים דורך די ביינער, — געהאַט דרײַ אייגענע געוועלבער, אַן אייגן הויז, קומט גאָטס שטראָף, — שלאָפט זי אײַנגעהויקערט אויף די טרעפּלעך אין אַ שטיקל צעריסענער פאַטשיילע. וואָס וואָלט עס באַרירט רעב דאָן דעם וואָכערער, ווען ער לאָזט זי איבערנעכטיקן בײַ זיך? כאָטש הינטער דער טיר!.. ער האָט בײַ איר דאָך אַלץ צוגענומען..."

„מאַ, — טרייסט ער זיך, — עס פעלט ניט קיין אומגליק אויף

---

4 דייע [דעה] мнение

5 טאָנעס [תענית] пост

דער וועלט. און עפּשער, — טראַכט ער איבער, — איז איר גאָר בעסער פאַר אַלע... זי ווייסט ניט: אַנדערע אַלמאָנעס איז ערגער...״ און ער דערשרעקט זיך פאַרן געדאַנק וועגן אַנדערע אַלמאָנעס... עס איז טאַקע אַלץ בא זײַן ליבן נאָמען אין דער האַנט, נאָר פון אַ קורצער צײַט ווערט דאָס שפּאָרעניש באַם האַרץ אַלץ אָפּטער און אָפטער... וואָס אַ מאָל פאַלט עס אַוועק, און יעדעס מאָל, ווען עס פאַלט אַוועק, מיינט מען, אַז עס איז פאַרבײַ. מער אַף יענער ווי אַף דער וועלט.

און ער שפּרײַזט ווײַטער און איז פון דער שול־גאַס אַרײַן אין מאַרק, ווו ער האָט פונווײַטנס דערזען די שענק. די טיר פון שענק איז שוין צוגעמאַכט. עס איז אָבער ניט מעגלעך! ער גלייבט זײַנע אויגן ניט און גייט צו פּרוּוון די טיר. און ער האָט זיך דערפרייט, אַז זי איז ניט מער ווי צוגעלענט.

„אַרײַנגיין צי ניט אַרײַנגיין?״ — ער קלערט, אַז גלאַט אַרײַנקומען עמעצן זוכן און גאָרניט געבן צו לייזן, האָט גאָר קיין פּאָנעם ניט. און צוריקגיין מיט וואָס ער איז געקומען, ווילט זיך אים אַוואַדע ניט. וואָלט ער אַרײַנגעקומען טרינקען אַ גלעזל ביר, און וואָלט, אַגעוו, געוואָרפן אַ בליק אין איין שטוב און דער צווייטער, ביז ער וואָלט אים דערטאַפּט. נאָר טו עפּעס אָן אַ גראָשן בא דער נעשאָמע. אַזוי פּאַסט ניט... איז ער אַפילע דאָ, זיצט ער ניט אַליין. זיצט ער מיט אַ גאַרבער און שמועסט וועגן יוכטן, צי מיט אַ סויכער[6] און רעדט וועגן עקספּעדיציע. „נו, — טראַכט ער טרויעריק, — וועל איך... נאָטע... צוגיין גלאַט פון דער העלער הויט: זעליק, איך דאַרף געלט... ניין! עס פּאַסט ניט״. און נאָך אַ לאַנגן יישעוו[7] בא דער טיר פון שענק האָט ער זיך איבערגעדרייט און צוריק אַהיים געגאַנגען.

* * *

מיריאַם איז נאָך ניט געשלאָפן, כאָטש זי איז שוין געלעגן אין בעט. כאַימל האָט איר איבערגעגעבן, אַז דער טאַטע איז

---

[6] סויכער [סוחר] купец
[7] יישעוו [ישוב] *зд.* раздумье

געגאנגען אופזוכן זעליקן, און זי האָט וואכנדיק געוואַרט אפֿן מאן מיטן געלט. אין קליינעם, נידעריקן שטיבל האָבן געאָטעמט אכט נעפֿאשעס. מיריאם מיט צוויי קינדער זײַנען געלעגן אין איין בעט, כאימל אין דער העלפֿט פֿון צווייטן; די צווייטע האָט ער איבערגעלאָזט פֿארן פֿאָטער. צופֿוסנס דעם מענערישן בעט אף א שלאָפֿבאנק שלאָפֿן צוויי קינדער, איבערגעדעקט מיטן פֿאָטערס און אלטער קאפּאָטע; נאָך איינס ליגט קעגנאיבער דער שלאָפֿבאנק, אף אן אלטמאָדישן, פֿלאכן קאסטן, צוגעדעקט מיט דער מוטערס פּאטשיילע, ניט ווייט פֿון איר בעט. דאָס בלאסע פֿענעמל אפֿן טונקל־קליינעם קישעלע, וואָס איז אָנגעשפּארט אָן קוימען, שימערט פֿאר בלאסקײַט. איבערן קוימען שײַנט א קליין לעמפּל.

עס הערן זיך טריט הינטערן פֿענצטער. מיריאם דערקענט דעם גאנג און שטעלט אָן די מאטע אויגן צו דער טיר. שטיל ווי א גאנעוו איז נאָטע ארײַנגעקומען און געהיט זיך, די טיר זאָל באם עפֿענען און פֿארמאכן קיין סקריפּ ניט טאָן. אף די שפּיץ נעגל איז ער צוגעגאנגען צום טישל. ער ווארפֿט א פֿרווונדיקן בליק איבער מיריאמס בעט, צי זי שלאָפֿט ניט, און דערזעט אירע אָפֿענע אויגן. זי קוקט אף אים, באטראכט זײַן אויסגעדארטע פֿיגור, זײַן בלאס געזיכט, און פּלוצלינג דערפֿילט זי צו אים אזא הארציקן מיטלײַד, אז זי וואָלט אים די נעשאָמע אוועקגעגעבן, אבי ער זאָל באווײַזן א פֿרײַערן מוט. זי ווייסט, אז נאָר צוליב איר און די קינדער ווערט ער אזוי פֿארשווארצט און געפּײַניקט. זי שטארקט זיך און פֿרעגט שטיל ווי א שטילע טויב: „נאָטע, האָסט אים געפֿונען?“ ער שאָקלט מיטן קאָפּ: „ניין!“ זי פֿארשטיקט א זיפֿץ און זאָגט אים: „נעם דיר דאָרט די וועטשערע פֿון אפֿן קוימען“. און גיט צו מיט א שווערן אָטעם: „נאָר וואָס פֿאר א טאם וועסטו שוין פֿילן... באָבעלעך מיט פֿארפֿל, אז עס שטייט לאנג...“ און ער טראכט: „באָבעלעך מיט פֿארפֿל... טאקע א שאָד, פֿרישערהייט שמעקט עס גאָר א מײַכל...“ ער נעמט ארויס א טעפּל פֿון קאלטן אש, און צוריקגייענדיק צום טיש, נעמט ער מיט דאָס לעמפּל מיט דער צווייטער האנט. „געוואָרן א פּאפּ דערפֿון, א פּאפּ צום ווארשטאט“, — זאָגט ער, נעמענדיק דעם לעפֿל צום מויל. ער

דערמאָנט זיך אָן זעליקס ווערטשערע: „א שיינער כיילעק”, — טראכט ער און בייזערט זיך באלד אף זיך אליין, ווי עס פאלט אים גאָר איין צו פארגלייכן זיך מיט זעליקן. „קאפצן[8] איינער! — טראכט ער, — אויך מיר א מענטש!”... פיל עסן קען ער דאָך ניט: „פּאָרט א פּאפּ”, און מער נאָך — פאר מידקייט. ער האָט אוועקגעשטעלט דאָס טעפּל און הייבט אָן, אפן בעט זיצנדיק, צו לייענען קריעס־שמא[9], נאָר ער ענדיקט זי אויך ניט און ווערט איינגעשלאָפן אין די קליידער.

* * *

עס איז נאָך א פּאָר שאָ צו טאָג, און דאָס שטעטל וואכט שוין. עפּשער שלאָפן נאָך עטלעכע נעגידים[10]. די שול־גאס רודערט שוין. די בעסמעדרעש[11]־פענצטער גלאנצן, פון אלע עקן פון שטעטל איילט זיך דער אוילעם מיט סליכעס[12] אין האנט. דורך די ציטערדיקע, האלב־אויסגעבראָכענע שויבן פון בעסמעדרעש רייסט זיך דורך דעם באל־טפילעס[13] קאָל אף דער גאס ארויס, און אין דער פארטאָגנדיקער קילער לופט וויגט זיך שוין דער טרויעריק־יאָמערלעכער ניגן.

פון דער פינצטער אין עק גאס שווימט ארויס דער לאנגער נאָטע, ער גייט האסטיק... זיין שווערער אָטעם הערט זיך פונוויטנס, ער איילט צום בעסמעדרעש, צום קוואל פון געשריי, וואָס האָט זיך פלוצלינג אויסגעבראָכן פון הונדערטער מיילער. דער יאָמער איז אים דורך די ביינער געגאנגען. ער איז פארציטערט געוואָרן און האָט זיך א שאָקל געטאָן, ער האָט זיך דערפילט ווי אן עלנט שוואך פייגעלע אין א שטורעמווינט: „אזעלכע הייליקע טעג, פאָרכטיקע נעכט” און ער האָט פארשלאָפן און „גיב נאָך דעם זינדיקן גוף!” ער איז

---

8 קאפצן [קבצן] — нищий, бедняк
9 קריעס־שמא [קריאת־שמא] — чтение молитвы «Шма Исроэль»
10 נעגידים [נגידים] — богачи
11 בעסמעדרעש [בית־המדרש] — бесмидраш, синагога
12 סליכעס [סליחות] — слихес, покаянные молитвы
13 באל־טפילע [בעל־תפילה] — кантор, читающий молитву

אריַין אין בעסמעדרעש, געבליבן שטיין בא דער טיר און האָט אָנגעהויבן בלעטערן די סליכע ווי א צעטומלטער. ער וויל אריַינשריַיען, זאָל זיך זיַין קאָל אויך הערן, ער קען אָבער קיין העכערע טענער ניט ארויסברענגען; ער קען אפילע ניט וויינען. דאָס הארץ איז אים ווי פארגליווערט אף קאלט, און די אויגן זיַינען טרוקן און ברענענדיק. ער שטייט נאָך א וויַילע איבער דער אָפענער סליכע. ער האָט זיך ניט אומגעקוקט צו קיינעם, און קיינער ניט צו אים, אפילע דער שאַמעס[14] מיט דער קלינגענדיקער פושקע האָט אים פארבייַגעלאָזט...

ביסלעכוויַיז האָט דער הימל אָנגעהויבן העלער ווערן אין מיזרעך־זיַיט. ארבעט־מענטשן האָבן מיט זיך געהאט טאלעס און טפילן און שטעלן זיך דאווענען. נאָטע האָט געדאווענט מיטן אוילעם, נאָר עפעס אָן „לעבן", אָן קויעך. ערשט דאָס שויפער־בלאָזן[15] האָט אים דערמאָנט, ווו ער איז אין דער וועלט... ער האָט א קוש געטאָן די מעזוזע און איז אוועק אהיים.

* * *

אז ער איז אריַין צו זיך אין שטוב, איז שוין מיריאם געווען האלב אָנגעטאָן. ער האָט געזאָגט „גוט־מאָרגן", און זי האָט אים שטיל און בארויגעז[16], ווי אים האָט זיך געדאכט, געענטפערט „גוט־יאָר". כאימל איז געשטאנען אָנגעטאָן און האָט גענומען באם פאָטער די טפילן און אוועק אין בעסמעדרעש.

מיריאם האָט ארויפגענומען פון קאסטן דאָס פארשלאָפענע קינד און איבערגעטראָגן עס צו זיך אין בעט אריַין. נאָכדעם האָט זי גענומען די פאטשיילע איבערן קאָפ, און איבערלאָזנדיק דעם מאן אין שטוב, איז זי אוועק אין מארק אריַין.

---

[14] שאמעס [שמש] синагогальный служка
[15] שויפער־[שופר] בלאָזן трубление в шофар (бараний рог) накануне и в день Рош-Ашоно
[16] בארויגעז [ברוגז] сердита

דאָרט האָט זי זיך אָפּגעשטעלט ניט ווײַט פון די טישלערמיט געבעקס. „נאָר באָרגן און באָרגן, — טראַכט זי, — פון אופשטיין ביזן שלאָפן". עס איז איר שווער אזוי באגינען צו נעמען אף באָרג. „זי געטרויט מיר אפילע, אָבער אזוי פרײַ! זי האָט נאָך עפּשער קיין אָנהייב ניט געהאט... און עס קומט איר שוין אזוי אויך צוויי גילדן מיט צוועלף גראָשן". זי שטעלט זיך אָפּ ניט ווײַט פון טישל און קלערט: זאָל זי צוגיין, פילט זי, אז דאָס בלוט פאלט איר צו די פיס פאר שרעק, טאָמער זאָגט מען איר אָפּ. און צוריק אהיים גיין מיט ליידיקע הענט איז איר א ווייטיק... זיי — כאַימל און דער מאן — ווערן דאָך אוועקגיין צו דער ארבעט ניט איבערגעביסן. אייִדער זי האָט דעם יישעוו, האָט זיך די בעקערן גראָד אומגעקוקט און האָט זי דערזען: „וואָס שטייסטו דאָרט, מיריאם? קום אהער!" — האָט זי גערופן. מיריאם איז צוגעגאנגען, שפּירנדיק, אז אירע אויגן ציִען זיך צו דער ערד. נאָר זי האָט זיך געשטארקט אָנצוקוקן די בעקערן אין פּאָנעם ארײַן. „גוט-מאָרגן!", „גוט-מאָרגן, גוט-יאָר!", „איך האָב קיין הארץ ניט געהאט צו זאָגן אײַך..." — האָט מיריאם פארשעמט ארויסגערעדט. „נו, נו, ס'שאט ניט! — האָט זי די בעקערן געטרייסט, — זאָל דיר ווויל באקומען. וואָלט איך אזא דײַגע[17] געהאט מיט די כויוועס[18] בא די היגע שיינע באלעבאָסטעס, ווי איך האָב א דײַגע מיט דײַן כויוו!"

מיריאמען איז א שטיין אראָפּ פון הארץ. זי הייסט זיך אָפּוועגן צוויי פונט פלעצעלעך. „ווייסט, טאָכטערשי, וויפל עס איז שוין?" „יאָ, צוויי מיט צוועלף פון פריִער, ערשט — פערצן, איז שוין מיט זעקס און צוואנציק", — האָט מיריאם בארעכנט און איז אוועק אהיים.

* * *

א גליקלעכע, איז מיריאם אהיים געקומען. אף נאָטעס געזיכט האָט זיך אויך באוויזן א שוואכער שײַן פון א שמייכל,

17 דײַגע [דאגה] забота
18 כויוועס [חובות] долги

דערזעענדיק, אז זי טראָגט עפּעס אין פֿאַרטעך. זי ציילט די פֿלעצעלעך ארויס אפֿן טיש. און ער ווערט צוריק ערנסט און פֿאַרטראַכט: „זי האָט ניט פֿאַרמאָגט דערוף, ווײַטער זיך דאָס פּאָנעם פֿאַרשוואַרצט...” און ער פֿילט זיך זינדיק קעגן איר. ער האָט זיך געוואַשן און געזעצט צום טישל עסן. זי איז געזעסן אפֿן בעט און געקוקט אױף אים. זי זעט ווי בלאַס, ווי „טויט” ער זעט אויס, און איר האַרץ גייט אָפּ און דערפֿילט זיך מיט גרויס ראַכמאָנעס אױף איר אויסגעמאַטערטן מאַן. ער דערשפּירט אירע ראַכמאָנעסדיקע אויגן און טראַכט: „א דימענט! זי קוקט נאָך אױף מיר אַזוי גוט... לוי דײַ, וואָס איך גיב איר ניט קיין געלט צו דער צײַט און איר דאַרט דער קאָפּ אױף וועטשערע, אױף אָנבײַסן...” ער ענדיקט דאָס עסן מיט א זיפֿץ, בענטשט אָפּ און גייט צו דער אַרבעט.

* * *

ער האָט שוין געטראָפֿן אייניקע געזעלן בא די וואַרשטאַטן. ער זעצט זיך צו, און ניט פֿיל שפּעטער איז אים כּאַימל געקומען צו הילף. א שווערער אומעט ליגט אױף נאָטעס געזיכט. „וואָס זיצסטו עפּעס היינט אַזוי?” — האָט פֿײַוול געפֿרעגט. „עט! גאַרניט!.. סליכעס־טעג... וואָס? טאַנצן זאָל איך?” — ענטפֿערט נאָטע, אָן א בליק צום פֿרעגער. דערווײַל איז זעליק אָנגעקומען פֿון גאַס. נאָטע האָט געפּאַסט מוט און געבעטן עטלעכע רובל. זעליק האָט אים געגעבן דרײַ רובל. כּאַימלס אויגן האָבן אָנגעהויבן שטראַלן פֿאַר פֿרייד, ווען דער פֿאָטער האָט אים דערלאַנגט דאָס געלט, אַהיים צו טראָגן דער מוטער. נאָטע וויל זיך אויך פֿרייען, נאָר ער קען ניט. עפּעס פֿילט ער זיך ניט גוט. ער האָט דערפֿילט, ווי א קנויל אונטערן האַרץ און באַקומען א שרעקלעכן ווייטיק. פֿאַר די אויגן איז אים פֿינצטער געוואָרן און די הענט האָבן אים אָנגעהויבן שטאַרק צו ציטערן. עס מאַכן זיך אים די אויגן צו און דער שטיוול פֿאַלט אים ארויס פֿון דער האַנט: עס ווערט אים הייס אין אַלע גלידער. מיט אַלע קרעפֿטן עפֿנט ער די אויגן און וויל זיך אויפֿהייבן און ארויסגיין זיך אָפּקילן אױף דער לופֿט, דאָרט וועט אים אויך גרינ־

גער זייַן צו אָטעמען; נאָר ער קען ניט. ער שפּירט, אַז ער וועט אומפאַלן, ווי ער וועט זיך נאָר רירן פון אָרט. פייַוול האָט עס באמערקט און פרעגט, וואָס איז. „ס'איז מיר ניט גוט", — ענטפערט ער מיט א קורצן, שטילן אָטעם און ווייַזט אים, אַז עס קלעמט אים אונטערן האַרץ. די כאַווייַרים לויפן צו אים צו, מע האָט אים געוואָלט אַנלעגן אף זעליקס בעט, נאָר נאָטע גיט א צייכן, מע זאָל אים ארויספירן אין דרויסן. מע טוט זייַן ווילן, פייַוול נעמט אים אָן בא איינער, נאָך א געזעל בא דער צווייטער האַנט און מע פירט אים לאַנגזאַם ארויס פאַר דער טיר. זיי האָבן אים אוועקגעזעצט אף א שטיין, וואָס איז דאָרט געלעגן, און ער האָט אַנמעכטיק אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אָן דער וואַנט מיט א פאַרשטיקט ברומען פון א פריִסנדיקן ווייטיק. „ס'איז דיר בעסער?" — פרעגן די כאַווייַרים. ער שאָקלט מיטן קאָפּ אף „ניין"... און קען קוים ארויסברענגען א שטיל געבעט, מע זאָל אים אָפּפירן אַהיים. פייַוול האָט געהייסן ארויסדערלאַנגען פון שטוב די כאַלאַט־לעך; זיי האָבן זיך און נאָטען אָנגעטאָן און אַהיים געפירט אונטער די הענט.

נאָטע פילט זיך אַלץ שווערער און שווערער, די פיס האָבן זיך אים נאָר אָנמעכטיק נאָכגעשלעפּט. פאַר דער טיר איז זיי מיריאַם, וואָס האָט זיי דורכן פענצטער געזען, אַקעגנגעלאָפן מיט א געשריי און פאַרבראָכענע הענט. נאָך איר — כאַיִמל. „גאָט אין הימל! — האָט זי פאַרצווייפלט אויס־געשריִען, — וואָס איז מיט אים געשען? ראַטעוועט, ראַטע־וועט א מענטש! א טאַטן פון קליינע קינדער". כאַיִמל האָט ביטערלעך געוויינט און געקלאַפּט זיך מיט די פויסטן אין קאָפּ. „א ביסל וואַסער! קאַלט וואַסער ברענגט ארויס!" — האָט פייַוול געשריִען. כאַיִמל האָט גיך ארויסגעטראָגן א שעפּ וואַסער פון שטוב און מיט האַסט א גאָס געטאָן אפן פּאָטערס געזיכט. דער פאַרכאַלעשטער האָט געעפנט די אויגן און גע־גלאַנצט אף אַלע זייַטן. נאָר ער האָט זיי באַלד צוריק צוגע־מאַכט. שכיינים זייַנען זיך דערווייַל צוזאַמענגעלאָפן, מער גע־שריִען ווי עפּעס געטאָן, און עס האָט ניט געהאָלפן.

מע פירט נאָטען אין שטוב אַרייַן, מע לייגט אים אפן בעט, און פייַוול לויפט נאָך א דאָקטער. אין דער לופט פון קליינעם שטיבל, וואָס איז אָנגעפילט געוואָרן נאָך מיט

מענטשן פֿון גאַס, האָט נאָטע דעם רעשט אָטעם פֿאַרלוירן... דאָס געשריי און געוויין ווערט העכער. דערוף קומט אָן דער דאָקטער, וואָס האָט שוין געטראָפֿן צוגעלייגטע וואַרעם־פֿלעשער און האָט זיי פֿאַרטוישט אויף הייסע קאָמפּרעסן, אויך האָט ער א רעצעפּט פֿאַרשריבן און איז אוועקגעגאַנגען. נאָטע איז אַלץ קימאַט ווי אָן אָטעם.

מיטאַמאָל האָבן זיך אים הויך אופֿגעריסן די ברעמען, די אויגן האָבן זיך פֿון קאָפּ אַרויסגעזעצט און איבערגעקערט זיך מיט די שוואַרצאַפּל אַרויף אונטערן שטערן. ער האָט אָנגעהויבן כאָרכלען. א פּאָר מאָל רייסט ער זיך און וואַרפֿט זיך, זוכנדיק לופֿט, ווי א פֿריש געפֿאַנגען פֿישל זוכט וואַסער. דערנאָך א שטאַרקער און לעצטער כאָרכל... און נאָטען איז אויסגעגאַנגען די נעשאָמע.

מע האָט אָנגעצונדן א ליכט, א בראָכע געמאַכט און אַראָפּגעהויבן דעם טויטן אויף דער ערד. די אַרויסגעשטויסענע מיריאַם באַוויינט אים פֿאַר דער טיר. „לאָזט מיך! — שרייט זי, — לאָזט מיר נאָך איין מאָל אָנקוקן מיין מאַן, רייסט מיך ניט אוועק פֿון אים, לאָזט אויך צו מיינע שוועלבעלעך, זאָלן זיי אים באַוויינען... קלאָגט אויף אייער בראָך! — קלאָגט, יונגע יעסוימימלעך[19], אויף אייער טאַטן!” זי האָט זיי געוויזן צום פֿענצטער אין שטוב אַריין: „דאָרט איז אייער געטרייער שפּייזער, אומגליקלעכע פֿייגעלעך...” כאַימל איז געשטאַנען בא דער זייט און אַלץ געשלאָגן זיך קאָפּ אָן וואַנט.

„זאָל שוין זיין גענוג, — האָבן אייניקע מאַנסלייט געשריען, — נעמט זי אוועק... מע טאָר ניט מעצאער זיין[20] קיין טויטן”. מע האָט זי מיט גוואַלד אוועקגעפֿירט צו א שאָכן. פֿייוול האָט א ווונק געטאָן צו צוויי פֿון זיינע כאַווײרים: „קומט צו זעליקן, מע מוז נעמען עטלעכע רובל אויף טאַכריכים[21]”, — האָט ער זיי געזאָגט, און אַלע דריי זיינען אַרויס פֿון שטוב.

---

[19] יעסוימימלעך [יתומימלעך] — сиротки
[20] מעצאער [מצער] זיין — огорчать
[21] טאַכריכים [תכריכים] — саван

* * *

זעליקס באַלעבאָסטע האָט שוין דערפֿון געוווּסט און איז זיי אַקעגנגעלאָפֿן, קלאָגנדיק און מיט פֿאַרבראָכענע הענט: „אַן אומגליק, אַזאַ אומגעריכטער חורבן. קינדער, קרוין! נאָך פֿאַראַיאָרן אָנגעכאַסמעט געוואָרן[22]!"

„ווו איז זעליק?" — האָט פֿײַוול איבערגעריסן די קלאָג. זי ווישט זיך אויס די אויגן און ענטפֿערט טרוקן און באַליידיקט, אַז ער וועט אויך באַלד קומען: „זעצט אײַך!" זעליק איז באַלד געקומען און האָט, צוגייענדיק צו זיי, געפֿרעגט: „איר זײַט שוין געווען בײַ דעם גאַבע[23] פֿון כעווערע־קאַדישע?[24]

„ניין, — האָט פֿײַוול געענטפֿערט, — מע דאַרף געלט אַף טאַכריכים, כאָטש אַ רובל זעקס, און איר מוזט די טויווע טאָן און געבן". זעליק האָט פֿײַוולען אַ צייכן געגעבן, ער זאָל ניט ריידן אַזוי הויך פֿאַרן ווײַב. עס איז אָבער שוין צו שפּעט געווען. זי גיט אים אַ ציִ בײַם אַרבל. זי וויל אים עפּעס זאָגן אַן אַ זײַט. ער מאַכט זיך ניט הערנדיק, גיט פֿײַוולען זעקס רובל. פֿײַוול מיט די כאַווײרים גייען אַרויס. דעמלט ערשט פֿרעגט ער, וואָס זי וויל אים זאָגן.

— ווער וועט אָפּאַרבעטן דאָס געלט? — פֿרעגט זי צאָרנדיק, — דיר כאָלעמט זיך, אַז נאָטע לעבט נאָך?..

— ניט דײַן דײַגע! — ענטפֿערט ער און גיט צו: — כאַ׳ימל וועט אָפּאַרבעטן. דור הולך ודור בא!

---

[22] פֿאַראַיאָרן אָנגעכאַסמעט [אנגעחתמט] געוואָרן — суждено еще год назад (решение о судьбе человека выносится — «подписывается» — на Йом-Киппур)

[23] גאַבע [גבאי] — староста, администратор

[24] כעווערע־קאַדישע [חברה־קדישא] — погребальное общество

# ХАИМ ЖИТЛОВСКИЙ
## (1865—1943)



Родился в местечке Ушачи, Витебской губернии, в религиозной семье, которая вскоре переехала в Витебск. Учась в гимназии, он сблизился с народниками, познакомился с народнической литературой. Под влиянием этих идей в 1882 году отправился в Тулу работать среди русского народа. Через полтора года ему в руки случайно попала повесть Менделе Мойхер-Сфорима «Маленький человек», которая вновь пробудила в нем интерес к проблемам еврейства. Он вернулся в Витебск с намерением развивать идеи «Народной Воли» на еврейской почве. Однако русские народники отказались поддержать сепаратистское направление в их движении.

В 1886 году Житловский написал в Риге свою первую книгу — «Мысли об исторических судьбах еврейства» (напечатана на русском языке в Москве в 1887). Книга вызвала неоднозначную реакцию — ее с восторгом приняли радикальные русские круги и жестко критиковали национально-ориентированные еврейские деятели (например,

С. Дубнов). Житловский ненадолго вернулся в Витебск, начал писать стихи на языке идиш. Затем переехал в Берлин и позже в Швейцарию, где активно включился в деятельность европейских социалистов. В 1893 году он с семью товарищами основал «Союз русских социалистов-революционеров за границей», из которого впоследствии выросла партия социалистов-революционеров. Параллельно развивает идеологию идишизма, еврейского национального социализма. В 1889 году вышла его работа «Сионизм и социализм», привлекшая всеобщее внимание. В 1892 Житловскому присуждена степень доктора философии Бернского университета за исследование в области средневековой философии (его работа вышла также по-русски в журнале «Восход», январь — апрель 1904 г.).

В 1904 партия с.-р. делегировала Житловского в Америку для пропаганды идей революционного социализма и сбора денег. Одновременно он вел пропаганду национального возрождения еврейства. Лекции Житловского пользовались большой популярностью. В 1906 он вернулся в Европу, продолжал сотрудничать с партией с.-р. и одновременно играл активную роль в партии СЕРП (социалистическая еврейская рабочая партия). В 1907 жил в Витебске, затем некоторое время в Финляндии, где его не могли арестовать русские власти.

В 1908 Житловский снова отправился в Америку, но вскоре вернулся в Европу, чтобы принять участие в ряде общественных форумов, в том числе — в Черновицкой конференции по признанию идиша еврейским национальным языком. В этом же году он основал теоретический журнал Дос найе лебн», выходивший до 1913 года. В этом журнале опубликовал большое количество своих работ. С началом первой мировой войны он снова отправился в Америку.

В 20-е — 30-е годы Житловский стал легендарной фигурой, известной во всем еврейском мире. Он всегда был оппонентом российской социал-демократии, идеям большевизма, отрицательно относился к Советской России. Однако в 1936 году, с усилением фашистской опасности, он призвал к сотрудничеству с Советским Союзом как с врагом фашизма. Он вновь изменил свою позицию после пакта Молотова-Риббентропа в 1939 году.

Житловский скончался во время очередного лекционного тура, в Калгари, Канада. Еврейские организации, носящие имя Житловского, существуют в Северной и Южной Америке вплоть до настоящего времени.

# ציעניזם אָדער סאָציאַליזם

...די יידישע סאָציאַליסטן האָבן לעכאַטכילע אויך מער ניט געוואָלט, ווי נאָר צו העלפן די יידישע ארבעטער, ניט ווי יידן, נאָר ווי ארבעטער, ווי מענטשן ביכלאַל. אָבער וואָס טיפער זיי האָבן גענומען פארשטיין דעם סאָציאַליזם, האָט זיי געמוזט קלאָר ווערן, אז דער סאָציאַליזם איז גאָרניט אויסן אָפּצושאפן אלע פעלקער, צונויפקנעטן זיי אין איין טייג און מאכן פון דעם טייג איין גרויסן לאבן „מענטשהייט". אדעראַבע! דער סאָציאַליזם וויל, אז יעדעס פאָלק זאָל האָבן בעיעכוילעס[1] ארויסצוּווייַזן זייַנע האשלוימעס[2], אלץ, אין וואָס ער איז פעיקער איידער אלע אנדערע. ער וויל מער ניט, אז די פעלקער זאָלן לעבן צווישן זיך בעשאָלעם און העלפן איינס דעם אנדערן אין דער גרויסער מילכאָמע מיט דער נאטור, אין דער גרויסער מילכאָמע מיט דעם לעבן, אז קיין פאָלק זאָל ניט קענען הערשן און געוועלטיקן איבער אן אנדער פאָלק. דער סאָציאַליזם קען ניט קיין פעלקער יאכסאָנים[3], קיין „אטאָ-בעכארטאָנוניקעס"[4]. בא אים זייַנען אלע פעלקער גלייַך, ווארעם יעדעס פאָלק האָט זייַנע מייַלעס[5] און זייַנע

---

[1] האָבן בעיעכוילעס [ביכולת] — иметь возможность

[2] האשלוימעס [השלמות] — *зд.* достоинства

[3] יאכסאָנים [יחסנים] — *зд.* аристократы

[4] אטאָ בעכארטאָנוניקעס [אתה בחרתנוניקעס] — *зд.* богоизбранные

[5] מייַלעס [מעלות] — достоинства

כעסרוינעס[6], און יעדעס פאָלק האָט וואָס צו געבן די אַנ־
דערע און וואָס צו לערנען בא זיי. אָט דאָס איז אייגנטלעך
דער פשאַט פון דעם וואָרט אינטערנאַציאָנאַליזם: אַלע פעל־
קער זײַנען גלײַכע ברידער און מוזן לעבן ווי ברידער צווישן
זיך.

און וואָס נעענטער די ייִדישע סאָציאַליסטן זײַנען גע־
קומען צו דעם ייִדישן פאָלק, אַלץ מער האָבן זיי געמוזט
אײַנזען, אַז דאָס ייִדישע פאָלק איז אויך ניט ערגער און ניט
בעסער פאַר אַלע פעלקער, אַז עס האָט אויך אַ רעכט צו
לעבן ווי אַ פאָלק, זײַן אַ גלײַכבארעכטיקטער גליד אין דער
גרויסער מישפּאָכע פון דער מענטשהײַט... אָנשטאָט נאָר ביר־
גערלעכע גלײַכע רעכט, די גלײַכע רעכט מיט אַלע מענטשן,
וואָס די בורזשואַזיע האָט אויך געפאָדערט, האָבן די ייִדי־
שע סאָציאַליסטן אופגעשריבן אַף זייער פאָן נאַציאָנאַלע
גלײַכע רעכט מיט אַלע פעלקער און זיי זײַנען אָנגעגרייט צו
שטרײַטן אָט פאַר דעם העכסטן אידעאַל פון דעם ייִדישן
פאָלק, און זײַנען זיכער, אַז פריִער אָדער שפּעטער וועלן
אַלע אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטן פון אַלע פעלקער, די
גרויסע אַרבעטער־אַרמייען פון דער גאַנצער וועלט, אָננעמען
זייער נײַעם געדאַנק, וואָס איז אין עצם דער אַלטער גע־
דאַנק פון דעם סאָציאַליזם, און וועלן ברידערלעך העלפן
אויך דעם ייִדישן פאָלק דערשלאָגן זיך צו זײַן ציל, ניט מיט־
אַמאָל, נאָר ביסלעכווײַז אין יעדער צײַט, אַף וויפל מע קען.
און וואָס שטאַרקער עס ווערן די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבע־
טער־אַרמייען (און זיי וואַקסן, קיין אײַנהאָרע, פון שאָ צו
שאָ), וואַקסט אַלץ מער די האָפענונג פאַר דעם ייִדישן
פאָלק [...]

מיר האָפן אַלס ייִדן: ערשטנס, אַז די ייִדישע פאָלקס־
ליטעראַטור, וואָס דער יונגער ייִדישער דאָר האָט אין דער
לעצטער צײַט באַשאַפן פאַר דעם ייִדישן פאָלק, וועט אַלץ
וואַקסן און וואַקסן, וועט אַלץ צוציִען מער טאַלאַנטן צו זיך

---

[6] כעסרוינעס [חסרונות] недостатки

און וועט זיך דערשלאָגן צו אזא מאדרייגע[7], אף וועלכער עס שטייען די שענסטע אייראָפּעיִשע ליטעראטורן.

און ווי נאָר די ייִדישע ליטעראטור וועט ווערן רייַך אין ביכער פון אלערליי וויסנשאפטן, וועט דער יונגער דאָר ניט דארפן זוכן די ערשטע נייטיקע קענטענישן בא די פרעמדע פעלקער. זייַנע מענטשלעכע געפילן און זייַנע פרייַע געדאנקען וועט ער קענען אויסבילדן אינדערהיים, אין דער אייגענער שפראך. דאָס וועט אים נאָך מער צובינדן צו זייַן פאָלק. אלץ, וואָס ער וועט אופטאָן אין וויסנשאפט און קונסט, וועט ער פארעפנטלעכן אף ייִדיש, און די ייִדישע קולטור, די ייִדישע בילדונג וועט אלץ וואקסן אָן אן אופהער און וועט ווערן א מוירעדיקע קראפט, וואָס וועט צונויפבינדן אינייַנעם ניט נאָר די געבילדעטע מיט דעם פאָלק, נאָר אויך אלע ייִדן פון אלע לענדער.

ווייַטער האָפן מיר, אז די ייִדישע פראָלעטאריער פון אלע לענדער וועלן מאכן איין האנט און וועלן גרינדן איין זעלבשטענדיקן אלגעמיינעם ייִדישן ארבעטער־בונד, וואָס וועט אומעטום באשירעמען די אינטערעסן פון דעם פאָלק און וועט אומעטום העלפן די פעלקער, צווישן וועלכע די ייִדן לעבן, גיכער דערשלאָגן זיך צו אונדזער סאָציִאליזם און פרייַהייַט; און אין דער פרייַער סאָציִאליסטישער געזעלשאפט וועט דאָס ייִדישע פאָלק פירן זייַן לעבן אזוי, ווי עס וועט אים בעסער געפעלן. מיר, ייִדן, וועלן האָבן אונדזערע שולן און קלוג אייַנגעפירטע כאדאָרים[8], אונדזערע גימנאזיעס און רעאלשולן, אפילע אונדזערע אייגענע אוניווערסיטעטן. אויב דרייַ מיליאָן שווייצער קענען אויסהאלטן צען אוניווערסיטעטן, וועלן די זיבן ביז אכט מיליאָן ייִדן, וואָס רעדן ייִדיש, אוואדע קענען אויסהאלטן פינף און צוואנציק. און אף אזא אופן וועט דאָס ייִדישע פאָלק ווערן איינס פון די געבילדעטסטע צווישן די פעלקער.

---

[7] מאדרייגע [מדרגה] — степень

[8] כאדאָרים [חדרים] — хедеры

און אַלע ייִדן פֿון דער גאַנצער וועלט, סײַ אין ווילנע אָדער אין וואַרשע, סײַ אין ניו־יאָרק, וועלן זײַן שטאָלץ אויף זייער פֿאָלק, שטאָלץ אויף זײַן בילדונג און קולטור, — די אײנציקע גײַווע[9], וואָס מאַכט דעם מענטשן איידל און דערוועקט אין אים דעם ברען צו העכערער בילדונג, צו דעם אײנציקן רײַכטום, וואָס מע קען ניט פֿאַרשליסן אין קאַסטנס, וואָס ווערט נאָר געשעצט, אַז מע פֿאַרטיילט עס צווישן אַנדערע.

און אַלע אַנדערע פֿעלקער וועלן באַקאַנט ווערן מיט אונדזער פֿאָלק און וועלן זען, אַז מיר זײַנען אויך ניט ערגער פֿון זיי, אַז מיר זײַנען אויך פֿעיִק אויפֿצונעמען אין זיך די בעסטע פֿרוכט פֿון דער אייראָפּעיִשער ציוויליזאַציע, איבעראַרבעטן אין אַ נײַער פֿאָרם און אָוועקגעבן צוריק דער וועלט דעם קערן מיט פּראָצענט, און ווײַטער נעמען, און ווײַטער געבן, און די אַלטע נעוווּע[10] פֿון אונדזער גרעסטן פּאָעט ישעיה הנבֿיא[11] וועט מקוים ווערן[12]: „די פֿעלקער וועלן לעבן אין פֿרידן צווישן זיך, און די גאַנצע ערד וועט ווערן פֿול מיט וויסנשאַפֿט, ווי דער ים איז פֿול מיט וואַסער...”

און אויב עס איז טאַקע באַשערט, אַז אַלע פֿעלקער פֿון דער וועלט וועלן נאָך אַ סך, אַ סך יאָרן צונויפֿפֿליסן אין איין פֿאָלק, וועט געוויס דאָס ייִדישע פֿאָלק אויך אויפֿהערן צו זײַן אַ באַזונדער פֿאָלק; אָבער ביז צו יענער צײַט וועט עס לעבן ווי אַ גלײַכבאַרעכטיקטער גליד מיט אַלע אַנדערע.

---

[9] גײַווע [גאווה] — предмет гордости

[10] נעוווּע [נבֿואה] — пророчество

[11] ישעיה הנבֿיא [ישעיה הנבֿיא] — пророк Исайя

[12] מקוים [מקוים] ווערן — осуществиться

# די ייִדישע קולטור און די ייִדישע שפראַך

מיר וועלן אײַנגאַנצן לאָזן אין א זײַט די פראגע: איז די שפראַך בעעמעס ניט מער ווי א מיטל צום צוועק און איז אין נאַציאָנאַלע איניאַנים די נאַציאָנאַלע פאָרם פון דער קולטור, עפשער א זאַך, וואָס איז א סאַך וויכטיקער איידער איר ספּעציפיש-נאַציאָנאַלער אינהאַלט? מיר וועלן דאָ באַטראַכטן דעם איניען פון דעם שטאַנדפּונקט, אַף וועלכן די קעגנער אָדער די פאַרשמעלערער פון ייִדיש האָבן אים אוועקגעשטעלט: פון די אינטערעסן פון דער ייִדישער קולטור.

אַז מע רעדט פון דער ייִדישער קולטור, דאַרף מען בא דער פראַגע האָבן אין זינען ניט די אַלטע ייִדישע אויצרעס[13], וועלכע דאָס פאָלק האָט אָנגעזאַמלט ביז אַהער. וואָס געווען, איז געווען. וואָלטן מיר געוואָלט די קולטור פון דעם ייִדישן פאָלק זאָל פאַרבלײַבן אַף די אַלטע יעסוידעס[14], אַף וועלכע זי איז געווען געבויט ביז אַהער, וואָלטן מיר עפשער גאָרנישט ניט געהאַט קעגן די אַלטע מעטאָדן, וואָס מע האָט אָנגעווענדט בא איר אופבוי. דער גרונט-פּרינציפּ פון דער אַלטער ייִדישער קולטור איז געווען דער רעליגיעזער יודאַיזם אין אַזאַ אָדער אַן אַנדער פאָרם. פאַר דעם רעליגיעזן געדאַנק איז בעעמעס ניט קיין גרויסע נאַפקעמינע[15], אין וואָס פאַר א שפּראַך ער ווערט אויסגעדריקט, אויב נאָר זײַן רײַכטום און אייגנאַרטיקייט טרעט ארויס קלאָר און שאַרף. מיר האָבן אָבער דאָ אין אויג די נײַע, פרײַע, וועלטלעכע קולטור, צו וועלכער דאָס פאָלק דאַרף שטרעבן, אויב עס וויל ווײַטער לעבן אַף דער וועלט, ווי א פאָלק, — יענע קולטור, וואָס מוז אופגע-

[13] אויצרעס [אוצרות] сокровища
[14] יעסוידעס [יסודות] основания
[15] נאַפקעמינע [נפקא־מינה] различия

בויט ווערן אף דעם זעלביקן פּראָגרעסיוון אַלגעמיין־מענטשלעכן יעסאָד, ווי בא אַלע אנדערע קולטורן פון די פּראָגרעסיווע פעלקער.

מיר ווילן דערמיט בעשום־אופן ניט זאָגן, אז אין א וועלטלעכער ייִדישער קולטור דאַרף דאָס רעליגיעזע לעבן און שאַפן גאָר קיין ראָליע ניט שפּילן. דאָס וואָלט געווען א גרעפּערלעכער טאָעס[16]. די רעליגיע און דאָס פרײַע רעליגיעזע שאַפן איז א נויטווענדיקע צווײַג פון דער אַלגעמיין־מענטשלעכער קולטור, און טאָר, און וועט געוויס אויך ניט פעלן אויך בא דעם ייִדישן בוים. מע קאָן גיין נאָך ווײַטער און זאָגן, אז אדאנק די אויסערגעוויינלעכע רעליגיעזע פעיִקײַטן פון אונדזער ראַסע, וועט די רעליגיעזע צווײַג זיך ניט האָבן צו באַקלאָגן אף ניט גענוג לעבנסזאַפט, וואָס וועט צוגעפירט ווערן צו אים פון אַלגעמיינעם שטאַם. אָבער א צווײַג, — א רײַך־געשפּײַזטע צווײַג, אויב איר ווילט, — און ניט מער, ווי א צווײַג, זאָל די ייִדישע רעליגיע זײַן אין אונדזער קולטורעלן לעבנס־בוים. אין דער אַלטער קולטור אָבער האָט די רעליגיע געשפּילט די ראָליע פון די וואָרצלען אין דעם אַלגעמיינעם שטאַם, און די איבעריקע צווײַגן האָבן געקאָנט נאָר אף אַזויפיל לעבן און זיך פאַנאַנדערוואַקסן, אף וויפל זיי האָבן געזויגן כאַיונע[17] פון דעם רעליגיעזן שוירעש[18] און יעסאָד.

די וועלטלעכע ייִדישע קולטור, — דאָס פאַרוואַנדלען די רעליגיע פון א וואָרצל אין א צווײַג, — איז יענע גײַסטיקע רעוואָליוציע, וואָס ווערט איצטער דורכגעמאַכט פון אונדזער פאָלק און וואָס מוז דורכגעפירט ווערן, אויב דאָס ייִדישע פאָלק האָט נאָך אין זיך נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיווע לעבנס־קויכעס.

פאַר אזא וועלטלעכער, פרײַער און פּראָגרעסיווער קול-

---

[16] טאָעס [טעות] ошибка
[17] כאַיונע [חיונה] пропитание
[18] שוירעש [שורש] корень

טור קאָן אָבער ניט זײַן גלײַכגילטיק, אין וואָס פאַר א שפּראַך זי זאָל זיך אנטוויקלען.

אויב דאָס ייִדישע פאָלק האָט אין זיך קויכעס צו לעבן א מאָדערן פּראָגרעסיוו לעבן, מוז עס אָנווענדן אלץ, וואָס עס פאַרמאָגט, קעדיי זײַן קולטור זאָל זײַן אן אַלזײַטיקע, א רײַכע און א פּרוכטבארע.

אן *אַלזײַטיקע* קולטור הייסט, אז קיין צווײַג פון דעם מענטשלעכן פּראָגרעסיוון שאפן זאָל ניט פעלן אין איר, פון דער טעכניק און די אויפאנים פון דער מענטשלעכער ארבעט ביז צו די איידלסטע און פײַנסטע פּראָדוקטן פונעם וויסנשאפטלעכן, פילאָסאָפישן, קינסטלערישן און רעליגיעזן געדאנק, — אלע אויסגעשטאלטיקונגען פון דעם מענטשלעכן שאפנדיקן גײַסט מוזן אין איר זײַן פאַרטראָטן.

* * *

א *רײַכע* קולטור האָבן מיר דעמלט, ווען יעדע צווײַג און אָפּצווײַג פון איר איז אויסגעוואקסן ביז צו יענער מאָדרייגע, אף וועלכער עס קאָן זיך ארופצווינגען דער מענטשלעכער שאפנדיקער גײַסט צו דער געגעבענער צײַט.

און א *פּרוכטבארע* קולטור ווערט זי, ווען איר אלגעמיינער מײַמעד דרינגט דורך, אין א גרעסערער אָדער קלענערער מאָס, *אלע* שיכטן פון דער געזעלשאפט און רופט ארויס צו טעטיקײַט די פאַרבאָרגנסטע שאפונגס-קויכעס פון דעם פאָלק.

אזא אַלזײַטיקע, רײַכע און פּרוכטבארע קולטור איז אָבער בא א ניט-טעריטאָריעל פאָלק, ווי די ייִדן זײַנען, אנדערש ניט מעגלעך, סײַדן זי זאָל אינגאנצן געשאפן ווערן אין דער שפּראַך פון דעם פאָלק.

און אינדערעמעסן! באטראכט, וואָס ווערט פון דער אַלזײַטיקײַט פון דער ייִדישער קולטור, ווען מיר לאָזן צו, אז

די ייִדישע אינטעליגענץ זאָל שאַפֿן קולטור ניט נאָר אין דער ייִדישער שפּראַך, נאָר אויך אין דער לאַנד־שפּראַך.

* * *

אַן אַלזײַטיקע, רײַכע און פּרוכטבאַרע קולטור אין ייִדיש איז דעם ייִדישן פֿאָלק נייטיק נאָך מאַכמעס אַן אַנדער טאַם.

מיר מעגן עפּשער אַלע זײַן גרײַלעך אומצופֿרידן מיט דעם פֿאַקט, וואָס די מענטשהײַט באַשטייט פֿון איינצלנע פֿעלקער. אָבער מיר מוזן זיך רעכענען מיט אים. און דער פֿאַקט ברענגט מיט זיך, אַז בא דער געבילדעטער מענטשהײַט האָט זיך אויסגעבילדעט אַ שאַץ־מאָס, מיט וועלכן זי שאַצט אָפּ די ווערט פֿון יעדן איינצלנעם פֿאָלק, זײַן כשיוועס[19] אין דער אַלגעמיין־מענטשלעכער מישפּאָכע. יעדעס פֿאָלק האָט זײַן ווערט, זײַן ספּעציפֿישע וואָג, אויב מע קאָן זיך אַזוי אויסדריקן.

* * *

נו, וואָס פֿאַר אַ וואָג האָט דאָס ייִדישע פֿאָלק אין דעם צווישנפֿעלקערלעכן באַוווּסטזײַן פֿון דער ציוויליזירטער מענטשהײַט? וואָס פֿאַר אַ כּיילעק קאָוועד און דערעכערעץ[20] פֿאַלט אויס אויף זײַן גוירל?

מיט ביטערניש און שאַנד מוזן מיר זיך מודע זײַן: אונדזער וואָג איז גלײַך נול, אונדזער קאָוועד ווערט געטראָטן מיט די פֿיס פֿון יעדן איינעם, וואָס פֿוילט זיך ניט. דערעכערעץ פֿאַר אונדז האָט קיינער ניט... וויאַזוי קומט דאָס? וואָלט מען צונויפֿגערעכנט איינעם אַלץ, וואָס די קינדער פֿון אונדזער פֿאָלק האָבן אַרײַנגעטראָגן און טראָגן אַרײַן אין דעם אַלגעמיינעם אוצער פֿון דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע,

[19] כשיוועס [חשיבות] важность, значение
[20] דערעכערעץ [דרך־ארץ] почет, уважение

וואַלט אונדזער וואָג באַדאַרפט זײַן גאַר־גאָר פֿון די גערױ־בענע.

דער טערעץ[21] איז, אַז דאָס צווישנפֿעלקערלעכע באַוווסט־זײַן רעכנט זיך ניט מיט דער ראַסע אָדער רעליגיע פֿון דעם, וואָס באַשאַפֿט קולטור. זי רעכנט זיך מיט דער קולטורעלער פֿירמע, אױף וועמעס כּעזשבן עס ווערן פֿאַרשריבן די פּראָ־דוקטן. וועמען אַרט דאָס, וואָס הײַנע און בערנע, לאַסאַל און מאַרקס, ריקאַרדאָ און ערליך זײַנען ייִדן? וועמען אַרט דאָס, וואָס טיפֿערע פֿאַרשער דערקענען אין זייער שאַפֿן קלאָרע סי־מאָנים פֿון דעם ייִדישן גײַסט? ריקאַרדאָ איז צוגעשריבן צו דער ענגלישער קולטור, די אַנדערע — צו דער דײַטשישער קולטור, און זייער גאַנצע וואָג גייט אַוועק אױף צו פֿאַרגרע־סערן די כּשיוועס און די ווערט פֿון יענע פֿירמעס, צו וועלכע זיי זײַנען צוגעשריבן.

די שפּראַך איז דער בוילעטסטער און קלאָרסטער אויס־דרוק פֿון אַ זעלבשטענדיקער קולטורעלער באַלעבאַטישקײַט, און קאַלזמאַן די ייִדישע אינטעליגענץ וועט שאַפֿן אין אַ פֿרעמדער שפּראַך, — זי, די אינטעליגענץ, מעג זײַן ווי ייִדיש־נאַציאָנאַל געשטימט; נאָך מער: אירע פּראָדוקטן מעגן זײַן ווי דורכגעדרונגען מיט דעם ייִדישן גײַסט, — וועט איר שאַפֿן פֿאַרעכנט ווערן צו דער פֿרעמדער שפּראַך, און אונד־זער כּשיוועס וועט בלײַבן שטיין אױף דער זעלביקער מאַ־דרייגע, אױף וועלכער זי שטייט איצטער.

איך ווייס ניט, אויב די וויכטיקײַט פֿון דעם פּונקט איז פֿאַר אַלעמען גאַנץ קלאָר. איך ווייס ניט, אויב אַלע פֿילן דעם שרעקלעכסטן פֿון אַלע גאָלעס־שמערצן[22], דאָס, וואָס אונדזער נאָמען איז צו שאַנד און צו שפּאָט, דאָס, וואָס אונדזער ערע ווערט געטראָטן מיט די פֿיס. איך וויל האָפֿן, אַז דער פּונקט נייטיקט זיך ניט אין ווײַטערע דערקלערונגען — און אַז אויב

---

[21] טערעץ [תירוץ] — ответ, разгадка

[22] גאָלעס־שמערצן [גלות־שמערצן] — муки изгнания

מיר טועז נאָך גאָרניט, קעדיי אופצוהייבן אונדזער כשיווס און ווערט אין די גאָלעס־לענדער, איז דאָס ניט ווייל אונדזער ערך־פונקט איז כאָלילע אָפּגעכאַלעשט[23], נאָר ווייל מיר ווייסן נאָך ניט דעם ריכטיקן וועג דערצו, אָדער ווייל מיר כאָלעמען[24] נאָך בעקאָרעוו[25] אינגאַנצן פּאַטער ווערן[28] פונעם גאָלעס, דורך אסימיליאציע, אָדער דורך דער „געולע שליימע[27]...״

קוים זעען מיר אָבער איין, אז סיי דער ערשטער, סיי דער לעצטער וועג זיינען אוטאָפּיעס פאר דער גאָר ווייטער צוקונפט, מוזן מיר זיך מיט א טאָפּלטן ערנסט אָפּשטעלן אף דעם געדאַנק פון אן אייגענער אַלזייטיקער, רייכער און פרוכטבארער קולטור אין דער יידישער שפּראַך, וואָס זאָל ניט נאָר אופהייבן אונדזער גייסטיקן מיימעד, נאָר וואָס זאָל אונדז בא דער מענטשהייט פארשאפן יענעם בעקאָוועדיקן[28] פּלאַץ, וועלכן מיר פארדינען.

שוין די ערשטע שריט אף דעם דאָזיקן נייעם וועג קאָנען אונדז צוגעבן האָפענונג און מוט. זעט, וואָס די נייע, נאָך גאָר יונגע יידישע ליטעראטור האָט שוין אופגעטאָן אין דעם פראט. נעמט פּערעצן, שאָלעם־אלייכעמען און שאָלעם אשן. וואָלטן די דריי שרייבער געשריבן אין אייראָפּעישע שפּראכן, דעמלט וואָלטן זייערע ווערק געוויס באמערקט געוואָרן, אָבער זיי וואָלטן מיט א האָר ניט פארגרעסערט אונדזער אייגענע ווערט. מע וואָלט זיי פארשריבן אף די קאָנטעס פון יענע פעלקער, אין וועמענס שפּראַך זיי זיינען פארפאסט געוואָרן. איצטער אָבער, אז זיי ווערן איבערזעצט פון יידיש, איז די ציוויליזירטע מענטשהייט שוין געצוווּנגען

23 אָפּגעכאלעשט [אָפּגעחלשט] — ослаблен
24 כאָלעמען [חלומען] — мечтаем
25 בעקאָרעוו [בקרוב] — в скором времени
26 פּאָטער [פּטור] ווערן — избавиться
27 געולע שליימע [גאולה שלמה] — полное спасение
28 בעקאָוועדיק [בכבודיק] — почетный

אופצועפענען א נײַע קאַנטע פאר דער יידישער ליטעראטור, פירן א באזונדערן כעזשבן פאר א נײַער קולטור־באַלעבאַטיש־קײַט און, לויט דעם כעזשבן, באַשטימען אונדזער ספּעציפישע וואַג.

באַרעכנט דערנאָך ווי גרויס און כאַשעוו וואָלט שוין גע־ווען אונדזער ווערט, ווען אַלע, וואָס אונדזערע קינדער האָבן אין דעם נײַנצנטן און צוואַנציקסטן יאָרהונדערט געגעבן דער מענטשהײַט, וואָלט לעכאַטכילע געדאַרפט פאַרשריבן ווערן אַף אונדזער אייגענעם כעזשבן!

* * *

אויב דאָס יידישע פאָלק לעבט, אויב עס האָט נאָך קוי־כעס אין זיך צו ווײַטערדיקער נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג, מוז עס ווען־עס־איז פאַרלאָזן די אַלטע יעסוידעס פון זײַן לעבן און אָנווענדן זײַן גאַנצע ענערגיע, קעדיי צו באַשאַפן אַזא נײַע, וועלטלעכע און פרײַע קולטור אין יידיש, אַז זײַנע בע־סערע קינדער זאָל זיך ניט קאָנען פאַרוועלן צו לויפן אין דער פרעמד, — אַזא קולטור, ווו קיין מענטשלעכע שאַפונגס־צווײַג זאָל ניט זײַן אויסגעשלאָסן, ווו אַלע קרעפטן זאָלן זיך צונויפקלײַבן אין איין באַסיין און באַפרוכפּערן אַלע טיילן פון דעם פאָלק.

* * *

נאָר די, וואָס פאַרשטייען דעם טיפסטן היסטאָרישן מיין פון יענער באַוועגונג, וועלכע מע האָט שוין א נאָמען געגעבן „יידישיזם", קאָנען אָפּשאַצן אויך דעם ברענענדיקן פאַנאַטיזם, מיט וועלכן די יידישיסטן קעמפן אַנטקעגן זייערע קעגנער.

דער קאַמף פאַר דער אַנטוויקלונג פון יידיש איז דער קאַמף פאַר א נאָרמאַלער, פרײַער, אַלזײַטיקער, רײַכער און פרוכטבאַרער קולטור פון דעם יידישן פאָלק; דער קאַמף פאַר זײַן לעבן און אַנטוויקלונג, פאַר זײַן ערע און ווערט.

## «Лешоно тойво тикосейву...»— «Да будете вы записаны на хороший год...»

В сентябре — октябре наступает время осенних праздников. На эти месяцы приходятся по еврейскому календарю месяц тишри, с которого начинается новый год. Согласно Библии, этот месяц считается седьмым, так как первым назван нисан — месяц, в котором евреи вышли из Египта. В первый день тишри празднуется новый год Рош-Ашоно. В Торе сказано об этом: «В седьмой месяц, в первый день месяца, да будет у вас покой, праздник труб, священное собрание» (Левит, 23.24). Выполняя эту заповедь, в синагогах в день Нового Года трубят в шофар — бараний рог. Звук шофара призывает евреев к покаянию, напоминает им, что в день Рош-Ашоно совершается суд над каждым в соответствии с теми делами, которые он совершил в прошедшем году. Судьба человека записывается в небесную книгу. Но приговор этот — еще не окончательный, его можно смягчить покаянием, милостыней и молитвой. Для этого служат первые десять дней нового года, называемые «асерес йимей тшуво»— «десять дней покаяния».

В десятый день месяца тишри отмечают Йом-Киппур — День Искупления, или Судный День. В этот день в древности первосвященник приносил

жертву за грехи всего народа. «Также в десятый день седьмого месяца сего, день очищения, да будет у вас священное собрание; смиряйте души ваши, и приносите жертву Господу» (Левит, 23. 27). Это самый строгий из всех постов: запрещается есть и пить — от захода солнца накануне до появления трех звезд на исходе Судного Дня. Теперь окончательно определяется судьба каждого, и приговор «запечатывается».

Через четыря дня после Дня Искупления, 15 числа месяца тишри, наступает праздник Суккос — Кущей. Это время сбора урожая в стране Израиля. «В пятнадцатый день седьмого месяца, когда вы собираете произведения Земли, празднуйте праздник Господень семь дней: в первый день покой и в восьмой день покой» (Левит, 23. 29). На время праздника Кущей верующие евреи строят себе шалаши — отсюда и название праздника — и живут в них. Такой обычай напоминает нам о том, что в пустыне, после исхода из Египта, евреи жили в шалашах. В древние времена в храме приносили 72 жертвы, по числу народов, живших на земле. Другой обычай, связанный с праздником Кущей,— обход синагоги процессией прихожан, каждый из которых держит в руках четыре растения: пальмовую, миртовую и ивовую ветви и эсрог — плод цитрусового дерева. Этот обряд символизирует созревание плодов и сбор урожая: «Возьмите себе ветви красивых дерев, ветви пальмовые и ветви дерев широколиственных и верб речных, и веселитесь пред Господом вашим семь дней» (Левит, 23.40).

Последний, заключительный день праздника, носит название Симхас-Тойро, Радость Торы. В этот день заканчивается ежегодный цикл чтения Торы и начинается следующий. В честь этого в

синагогах веселятся и танцуют, взяв в руки свитки Торы. Праздник Симхас-Тойро популярен и среди неверующих евреев, многие из которых в этот день приходят к синагоге. Симхас-Тойро завершает осенний цикл праздников, продолжающийся более трех недель. В диаспоре, т. е. за пределами Израиля, каждый праздник празднуется в течение двух дней вместо одного (за исключением Йом-Киппура). Поэтому Симхас-Тойро приходится на девятый день Суккос.

В 1990 году Рош-Ашоно празднуется 20—21 сентября, Йом-Киппур — 29 сентября, Суккос — 4 октября (I-й день), Симхас-Тойро — 12 октября.

Примерно через два месяца, в ноябре — декабре, наступает праздник Ханука. Этот праздник более позднего происхождения. В середине II в. до н. э. евреям в Иудее грозила опасность полного подчинения могущественной империи Селевкидов. По всей Иудее вводились культы языческие, Иерусалимский храм подвергся осквернению. В ответ вспыхнуло народное восстание, во главе которого встало семейство Хасмонеев. В память о победе восстания и очищении храма отмечается праздник Ханука — обновление. Он начинается 25 числа месяца кислев и продолжается восемь дней. Каждый день в еврейских домах зажигаются ханукальные светильники, по числу прошедших дней праздника. На Хануку принято веселиться и даже играть в азартные игры. Особенно популярна игра в «дрейдл» — четырехгранный, волчок, детям специально для игры дают деньги — «ханука»-гелт».

# СЕМЕН АН-СКИЙ

# (1863—1920)



Семен Акимович Ан-ский (настоящее имя — Шломо-Занвиль Раппопорт) родился в Белоруссии, его детство прошло в Витебске. Под влиянием гаскалы, желая зарабатывать на жизнь производительным трудом, освоил несколько профессий — портного, переплетчика, шахтера. Позже сближается с русскими народниками, «идет в народ».

В 80-е годы прошлого века рассказы Ан-ского печатаются в журнале «Русское богатство», близком к народническим кругам. С 1892 года живет в Германии, Швейцарии, с 1894— в Париже, где становится секретарем

Петра Лаврова — идеолога и руководителя народничества. В начале XX века возвращается к еврейской теме, пишет стихи и песни на идиш.. Его стихотворение «Ди швуэ» — «Клятва» — стало гимном еврейской рабочей партии «Бунд». В 1905 году возвращается в Россию, становится одним из активных деятелей партии социалистов-революционеров. В 1911—1914 годах активно участвует в работе Еврейского этнографического общества, руководит первыми научными экспедициями по черте еврейской оседлости.

С началом Первой мировоой войны Ан-ский становится уполномоченным ряда российских общественных организаций, оказывавшим помощь еврейским беженцам. В 1917 году был избран депутатом Учредительного собрания от партии эсеров. Будучи противником большевиков, был вынужден бежать из Петрограда, переодевшись монахом. С 1918 года живет в Вильно, продолжая заниматься еврейской общественной деятельностью. Затем переезжает в Варшаву, где скоро становится одной из виднейших фигур в еврейской культурной и общественной жизни. Похоронен на еврейском кладбище в Варшаве, рядом с могилой И.-Л. Переца.

Среди литературных произведений С. Ан-ского — рассказы и повести на русском и еврейском языках, знаменитая пьеса «Диббук», поставленная Е. Б. Вахтанговым в театре «Габима» (в переводе на иврит Х.-Н. Бялика).

# אף דער וואך

„ותשובה ותפילה וצדקה
מעבירין את רוע הגזרה״[1].

## דער גזאר־דין [2]

אין די הייליקע און פּאָרכטיקע אסאָרע־ייָמיי־טשווווע[3] ווערט פאר גאָט באָרוך הו[4] געעפנט דאָס גרויסע בוך פון אלע מייַסים[5] פון דער וועלט, און מע לייענט וועגן אלץ, וואָס מענטשן און פעלקער האָבן געטאָן. אלץ ווערט געווויגן און געמאָסטן. האקאָדעש־באָרוך הו[6] טוט מישפּעטן[7] די וועלט און אלע אירע באשעפענישן.

און אין דער שאָ[8] פונעם פּאָרכטיקן מישפּעט איז א שטארקע מילכאָמע[9] צווישן די הייליקע מאלאָכים[10] און די קייכעס[11] פון פינצטערניש פאר דעם גוירל[12] פונעם איינציקן פאָלק. און ווי איז צום פאָלק יִסראָעל[13], אויב די פינצטערע קייכעס זייַנען מענאצייעך[14]! אָבער דער אלמעכטיקער מיט זייַן גרויסער גנאָד האָט געגעבן דעם זינדיקן מענטשן די מעגלעכקייַט אפילע שוין נאָכן מישפּעט צו לינדערן אָדער אינגאנצן אומצובייַטן צו גוטן דעם גזאר־דין דורך טפילע, טשווווע און צדאָקע[15].

העכער פון אלץ איז טשווווע. נאָך איר גייט טפילע און די לעצטע איז צדאָקע. אָבער אין פאָדערשטן פאלאץ קומען זיי ארייַן אין אן אנדער סיידער[16]. צום ערשטן קומט אָן צדאָקע,

ווײַל איר צײַט ענדיקט זיך ווי נאָר יאָמקיפּער[17] הייבט זיך אָן. נאָך צדאָקע גייט טשוווע און די לעצטע, צו נעילע[18], קומען אָן די טפילעס.

אין יענעם יאָר איז די מילכאָמע פארן גוירל פון פאָלק ייִסראָעל געווען א שטארקע און א פארביטערטע. געווען איז עס אין די צײַטן פון דעם ריז צווישן די ריזן, דעם באלשעמטאָוו[19], וואָס האָט א דייע[20] געזאָגט אין די אייבערשטע וועלטן. און דער סאָטן[21], ציטערנדיק פארן באלשעמס גווורע[22], האָט אָנגעגורט די לענדן, אָנגעשטרענגט זײַן פינצטערן קויעך. איז דער סאָטן ארויסגעטראָטן מיט דער גאנצער מאכט און ער האָט גויווער[23] געווען! עס איז באשטימט געוואָרן א שרעקלעכער גזאר-דין.

אין מעדזשיבאָזש האָט מען אופגענומען יאָמקיפער גאנץ פרי. שוין ערעוו[24] יאָמקיפער זײַנען ייִדן געווען דורכגענומען מיט דער הערלעכקײַט פון הייליקן טאָג. אום האלבן טאָג האָט מען געשלאָסן די קראָמען. וואָס מער עס איז פארשווונדן די וואָכעדיקע אלטעגלעכקײַט, האָט אלץ מער אופגעלעבט די שול. צענדליקער שטראָמען האָבן זיך געצויגן צו איר. ייִדן זײַנען שוין געווען אין קיטלען, מיט וועקסענע ליכט אין די הענט. צווישן די אָרטיקע ייִדן זײַנען געווען א סאך קרעטשמערס. זיי זײַנען פון די ארומיקע דערפער געקומען מיט ווײַב און קינדער אין שטאָט אף יאָמים-נויראָים[25].

אפן שול-הויף זײַנען געשטאנען אָרעמעלײַט און קאליקעס מיט אויסגעשטרעקטע הענט. עס זײַנען געשטאנען באלעבאטים מיט פושקעס און טעלערס אף אלערליי קאָהאָלשע[26] באדערפענישן. יעדערער האָט געטיילט נעדאָוועס[27], געוואָרפן מאטבייעס[28] אין די פושקעס און טעלערס. מיט א ליבלער שמייכעלע און פון פולן הארצן האָט יעדערער געגעבן זײַן נעדאָווע. עס האָבן זיך געשאָטן אין די הענט פון די אָרעמעלײַט, געקלונגען אין די פושקעס און טעלערס ייִדישע גראָשנדלעך און צווייערלעך.

ביסלעכווײַז איז פוסט געוואָרן דער שול-הויף. עס זײַנען פארשווונדן די אָרעמעלײַט און די צדאָקע-זאמלערס. און די

לעצטע נעדאָווע איז געווען א גראָשנדל, וואָס א בלינדע בעטלערן האָט אראָפּגעלאָזט אין א צדאָקע־פּושקע.

און דאָס גאנצע לעבן איז אריבער אין שול. ענג זײַנען געשטאַנען הונדערטער ליכט, וואָס האָבן זיך מיט געלע פּלאַטערנדיקע פלעמעלעך געצויגן אין דער הייך. און אלע זײַנען ווי פארגליווערט געוואָרן, וואַרטנדיק אף דער ערשטער בסורע[29] פון דעם הייליקן יאָמקיפּער — אף „כל־נדרי"[30]...

אין פרימאָרגן איז דער הייליקער באלשעמטאָוו נאָך געווען רויק. מיט א פרייִלעך געמיט און א ליכטיק פּאָנעם[31] האָט ער געבענטשט די טאלמידים[32], דעם אוילעם[33] און די קינדער, וואָס די עלטערן האָבן געבראַכט צו אים. נאָר וואָס מער דער טאָג האָט זיך געצויגן צום אָוונט, איז אלץ אומרויִקער געוואָרן דאָס געמיט פון באלשעמטאָוו. באם פאַרפאַסטן[34] איז ער געזעסן אין דער סוויווע[35] פון זײַנע טאלמידים מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ אין א שווער שווײַגן און האָט קימאַט[36] זיך ניט צוגערירט צום עסן.

און ווען דער הייליקער באלשעם איז ארויס פון שטוב צו גיין אין שול ארײַן און האָט אופגעהויבן דעם בליק און דערזען, אז דער הימל איז אינגאַנצן באַדעקט, ווי מיט א שטאָלענעם פאַנצער, מיט דיקע, פינצטערע וואָלקנס, האָט אים אָנגענומען א גרויסער פּאַכעד[37]. און ווען ער איז ארײַן אין שול און געשטעלט זיך אף זײַן אָרט לעבן אָמעד[38], האָט זיך זײַן פּאָנעם באַדעקט מיט א וואָלקן, וואָס איז געווען שווערער און פינצטערער פון די וואָלקנס אפן הימל.

און די טאלמידים האָבן מיט פּאַכעד נאָכגעקוקט יעדע באַוועגונג פונעם רעבן, און בא זיי איז אלץ שווערער געוואָרן דאָס געמיט. נאָר גלייבנדיק אין דעם גרויסן קויעך פונעם הייליקן באלשעם, האָבן זיי זיך געשטאַרקט אין ביטאָכן[39], האָבן געוואַרט און געהאָפט...

דער כאַזן[40] האָט געוואַרט אף דעם ווונק פון באלשעם אָנצוהייבן „כל־נדרי". אָבער דער הייליקער באלשעם איז געשטאַנען ווי פארשטיינערט. זײַן פּאָנעם איז געווען ווײַס ווי

קאַלך, באַדעקט מיט קאַלטן שווייס. און איבער די באַקן האָבן גערונען צוויי שטראָמען טרערן.

און געשוויגן, ווי ער וואָלט פאַרגעסן, ווו ער געפינט זיך און וואָס פאַר אַ שאָ עס איז. און אַלע ארום האָבן אין שרעק געוואַרט, אײַנגעהאַלטן דעם אָטעם. און עס זײַנען פאַרבײַגעגאַנגען מינוטן, וואָס האָבן אויסגעוויזן ווי שאָען, און עס זײַנען דורכגעגאַנגען שאָען, וואָס האָבן אויסגעוויזן ווי יאָרן, און דער באַלשעם האָט אַלץ נישט געגעבן קיין צײַכן. און די אומרויִקײַט איז אַריבער אין אַ שרעק, און די שרעק איז אַריבער אין אַן אײמע[41]. און אין הונדערטער הערצער איז געוואַקסן אַ ווייטיק, וואָס איז געווען גרייט אַרויסצורײַסן זיך ווי אַ הילכיקער יאָמער.

# צדאָקע

שניי-ווײַסע מאַלאָכימלעך, מילדע און שטילע, זײַנען פון אַלע זײַטן צונויפגעפלויגן זיך אין פּאָדער-פּאַלאַץ, געבראַכט אַהין יידישע נעדאָווס, געטראָגן שפּײַז און בגאָדים[42], גו_שנדלעך און צווייערלעך. און אַלץ, וואָס זיי האָבן געבראַכט, האָט געשײַנט ווי גינגאָלד, געלויכטן ווי דימענטן, און מיט פרייד געצויגן זיך צום קיסע-האַקאָוועד[43]. און די מאַלאָכימלעך האָבן געזאַמלט יעדער ברעקעלע ברויט, יעדער פּעדעמל פון די צעריסענע בגאָדים, יעדער קלענסט מאַטבייעלע און צוזאַמענגעלייגט עס. נאָר דאָס בערגל איז געווען אָרעם און קליין, ווײַל אָרעם און געפאַלן איז געווען דאָס פאָלק ייִסראָעל.

און אַז דאָס לעצטע מאַלעכל האָט געבראַכט די לעצטע נעדאָווע, דאָס גראָשנדל פון דער בלינדער בעטלערן, — האָט זיך אַף דער שוועל פון פּאָדער-פּאַלאַץ באַוויזן דער סאָטן. ער האָט מיטן שוואַרצן פליגל צעהאַקט דעם פּאָרהאַנג, און עס האָט זיך אַנטפּלעקט אַ בילד — — —

געווען אַ קרעטשמער מיט אַ גרויס געזינד. די געשעפטן זײַנען באַ אים געגאַנגען אַלץ ערגער און ערגער. ווען עס איז געקומען די צײַט צו צאָלן דעם פּאָרעץ[44] ראַטע[45], האָט ער נישט געהאַט מיט וואָס. מיט גרויס מי האָט ער אויסגעבעטן באַם פּאָרעץ, ער זאָל אים וואַרטן די ראַטע ביזן קומענדיקן טערמין, צוזאָגנדיק צו באַצאָלן מיטאַמאָל פֿאַר צוויי יאָר. אָבער ווען עס איז אָנגעקומען דער נײַער טערמין, האָט ער ווידער ניט געהאַט מיט וואָס צו צאָלן. איז דער פּאָרעץ בייז געוואָרן און האָט אַרײַנגעזעצט אין גרוב דעם קרעטשמערס גאַנצע מישפּאָכע[46]. נאָר אים אַליין האָט ער געלאָזט פֿרײַ, קעדיי[47] ער זאָל קענען באַקומען געלט אַף אויסצולייזן ווײַב און קינדער פֿון געפֿענקעניש. און ער האָט אָנגעזאָגט דעם קרעטשמער, אַז ער גיט אים דרײַ כאַדאָשים[48] צײַט, און אויב יענער וועט צום נײַעם טערמין ניט ברענגען קיין אויסקויפגעלט, וועט מען אויפֿהערן אַראָפּלאָזן צו זײַן ווײַב און קינדער אין גרוב ברויט און וואַסער און זיי וועלן אויסגיין פֿון הונגער און דאָרשט.

דער קרעטשמער האָט זיך געלאָזן איבער דער וועלט קלײַבן נעדאָוועס. ער איז געגאַנגען פֿון שטאָט צו שטאָט, פֿון דאָרף צו דאָרף, אומעטום דערציילט וועגן דעם אומגליק, וואָס אים האָט געטראָפֿן. און ייִדן, ראַכמאָנים בניי ראַכמאָנים[49], האָבן אים געגעבן נעדאָוועס. נאָר זיי האָבן אים ניט געקענט העלפֿן אין דער פֿולער מאָס, ווײַל דער כוויוו[50] דעם פּאָרעץ איז געווען גרויס, און די ייִדן זײַנען געווען אָרעם. דער קרעטשמער איז געגאַנגען איין וואָך און אַ צווייטע, איין כוידעש און אַ צווייטן. און ער האָט זיך דערווײַטערט פֿון דער היים. און עס איז מיד געוואָרן זײַן גוף, און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן אונטערברעכן באַ אים די פֿיס. און געזאַמלט האָט ער אינגאַנצן עטלעכע רענדלעך[51], אַ קליינעם טייל פֿון דעם, וואָס אים איז געווען נייטיק. און דעם קרעטשמער האָט אָנגענומען אַ גרויסער ייִעש[52].

איינמאָל, ווען ער איז געגאַנגען אין וועג, אַ הונגעריקער און אַ מידער, האָט זיך מיטאַמאָל דערהערט אַ קנאַקערײַ פֿון

בײַטשן און א טופּעריַ פון פערד. ער האָט קיין צײַט ניט געהאַט אַרומקוקן זיך, ווי עס זײַנען מיט א שטורעם אָנגעקומען רײַטער, און נאָך זיי האָט זיך געטראָגן א קאַרעטע, געשפּאַנט מיט אַכט פערד באַשפּיק[53]. איינער פון די רײַטער האָט מיט א שמײַץ[54] אַראָפּגעשלײַדערט דעם קרעטשמער פון וועג און די רײַטער זײַנען געפלויגן ווײַטער. נאָר דער פאַרעץ, פּירשט סאַנגושקאָ, וואָס איז געזעסן אין קאַרעטע, האָט געהייסן אָפּשטעלן זיך און באַפוילן אופהייבן דעם ייִדן און ברענגען צו דער קאַרעטע.

ווען מע האָט דעם צעבלוטיקטן קרעטשמער צוגעפירט צו דער קאַרעטע, האָט דער פּירשט אים געפרעגט, פונוואַנען ער איז און וווּ ער גייט. דער קרעטשמער האָט דערציילט וועגן דעם אומגליק, וואָס אים האָט געטראָפן.

דער פּירשט האָט אים אויסגעהערט און געפרעגט:

— וויפל צײַט גייסטו איבער דער וועלט קלײַבן נעדאָוועס?

— צוויי כאַדאָשים.

— וויפל האָסטו געזאַמלט?

— צען רענדלעך.

— און וויפל דאַרפסטו באַצאָלן דעם פּאַרעץ?

— דרײַ הונדערט...

דער פּירשט האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט, האָט געהייסן דעם דינער אָפּציילן אין א זעקל דרײַ הונדערט רענדלעך, האָט א וואָרף געטאָן דאָס זעקל גאָלד דעם קרעטשמער און איז שנעל אוועקגעפאָרן ווײַטער.

* * *

ווי נאָר דער פּירשט סאַנגושקאָ האָט א וואָרף געטאָן דאָס זעקעלע גאָלד, האָט דער סאָטן גלײַך אונטערגעכאַפּט דאָס גאָלד און עס א שלײַדער געטאָן אף דעם בערגל פון די ייִדישע נעדאָוועס. און די רענדלעך האָבן מיט א קלונג זיך צע-

שאָטן איבערן פּאָדער־פּאַלאַץ, און פון זייער שײַן זײַנען מיט־אַמאָל אויסגעלאָשן געוואָרן די ייִדישע גראָשנדלעך און צוויי־ערלעך, געוואָרן קליין און אָרעם. און דער סאָטן האָט זיך שוין צוגעגרייט מיט אַ שטויס פון פוס אַרויסצוּוואַרפן פון פּאָדער־פּאַלאַץ די ייִדישע נעדאָוועס.

אין דער רעגע[55] האָט דער באַלשעם, ווי ער וואָלט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, אַ קער געטאָן זיך צו די מענטשן אין קיטלען, וואָס זײַנען געשטאַנען פאַרגליווערטע פון שרעק, און האָט הויך אַ פרעג געטאָן:

— ווו איז דער מאַלאַיאַראָווער קרעטשמער? זאָל ער צו־גיין אַהער!

עס האָט אַ ציטער געטאָן די שול, און יעדערן איז געקו־מען אין געדאַנק, אַז דער מאַלאַיאַראָווער קרעטשמער איז מיסטאַמע[56] באַגאַנגען אַ שווערע זינד, וואָס איבער איר קען מען ניט אָנהייבן כל־נדרי, און הונדערטער בייזע בליקן האָבן זיך געווענדט צום קרעטשמער.

פון וואַנט האָט זיך אָפּגעטיילט אַ שטאַרקער, געזונטער ייִד, מיט אַ פאַרגרעבט פּאָנעם. ער האָט זיך מיט שרעק אומ־געקוקט און געבליבן אויף זײַן אָרט.

— אַהער קום, האָב קיין מוירע[57] נישט! — האָט אים דער באַלשעם גערופן מיט אַ ליבלעכן בליק.

— כאַים, — האָט זיך דער באַלשעם צו אים געווענדט, — זאָג מיר, דו האָסט געקענט דעם פּירשט סאַנגושקאָס רויט־לעכן הונט?

דער קרעטשמער איז צעטומלט געוואָרן פון דער אומגע־ריכטער פראַגע און נישט געקענט ענטפערן, נאָר ווען דער באַלשעם האָט איבערגעכאַזערט[58] זײַן פראַגע, האָט ער גע־ענטפערט:

— דעם פּירשטס רויטלעכן הונט? ווער האָט אים נישט געקענט? אַלע האָבן אים געקענט.

— דערצייל, וואָס מיט אים האָט פּאַסירט.

— געווען איז עס אַן אויסגעצייכנטער הונט, — האָט אָנ־געהויבן דער קרעטשמער, — דער פּירשט האָט באַצאָלט פאַר

אים טויזנט רענדלעך און איז אין ערגעץ אָן אים נישט געפאָרן און נישט געגאנגען. נאָר איינמאָל, ווען צום פירשט זיַינען געקומען זייער כאַשעווע[59] געסט און דער הונט האָט זיך א וואָרף געטאָן אף זיי בילן, האָט דער פירשט מיט גרויס קאַס[60] געכאַפּט די ביקס, האָט אויסגעשאָסן און געהארגעט[61] דעם הונט.

— געהארגעט? — האָט זיך פארוואונדערט דער באַל־שעם. — ווי האָט אים נישט פארדראָסן אזא טיַיערער הונט? ער האָט דאָך באצאָלט פאר אים טויזנט רענדלעך?

— א גרויסע ווערט האָט בא סאנגושקאָן טויזנט רענדלעך! פאר אים האָט עס קיין שום ווערט נישט! — האָט געענטפערט דער קרעטשמער.

דער הייליקער באַלשעם האָט זיך אויסגעגליַיכט, געווענדט זיך צום עוילעם און ארויסגעזאָגט הויך:

— איר הערט, ייִדן? באם פירשט סאנגושקאָ האָבן טויזנט רענדלעך קיין שום ווערט נישט, און ביפראט[62] דריַי הונדערט רענדלעך, דאָס איז בא אים אזויווי גאָרנישט, און בא ייִדן איז יעדער גראָשנדל באגאָסן מיט ביטערן שווייס... ר׳ דאָוויד, זאָג כל־נדרי!

* * *

און ווי נאָר דער הייליקער באַלשעם האָט ארויסגערעדט די ווערטער, זיַינען די גאָלדענע רענדלעך געוואָרן טונקל און קליין, און די מאטבייעלעך האָבן ווידער אָנגעהויבן ליַיכטן ווי ליכטיקע שטערנדלעך, און דאָס גראָשנדל פון דער בלינדער בעטלערן האָט זיך א צי געטאָן אין דער הייך, האָט צעהאקט דעם פאָרהאנג און אוועק צום קיסע־האקאָווער. און נאָך אים האָבן זיך אופגעהויבן אַלע ייִדישע נעדאָווּעס.

און אין דעם פוסטן פאָדער־פאלאץ איז דער סאָטן געבליבן שטיין א פארשעמטער.

# ט ש ו ו ע

בא דעם ערשטן אופגאנג פון פרימאָרגן, האָט זיך ר׳ וואָלף געשטעלט באם אָמעד צו זאָגן שאכרים[63]. נאָר ער האָט נאָך קיין צײַט ניט געהאט אָנצוהייבן, ווי דער הייליקער באַלשעם, אראָפּוואַרפנדיק דעם טאַלעס[64] פון פּאָנעם, האָט זיך א קער געטאָן צום אוילעם און הויך געפרעגט:

— פארוואָס האָט דאָס א ייִד געפּאַסט דעם צענטן אָוו[65]?

און זעענדיק, אז קיינער ענטפערט אים נישט, האָט ער איבערגעכאזערט:

— איך וויל, מע זאָל מיר ענטפערן: פארוואָס האָט דאָס א ייִד געפּאַסט דעם צענטן אָוו?

נאָר דער אוילעם האָט געקוקט איינער אף דעם אנדערן און קיינער האָט נישט געוווּסט, וואָס צו ענטפערן.

איז דער באַלשעם אראָפּ פון זײַן אָרט און אוועק צו דער טיר, ווו עס זײַנען געשטאַנען די אָרעמע און עלנטע. און צו־גייענדיק צו אן אלטן אָרעמאַן, האָט ער אים ארופגעלייגט די האַנט אף דער פּלייצע און געזאָגט:

— איר האָט געהערט, וואָס איך האָב געפרעגט? דער־ציילט זשע! פארוואָס האָט א ייִד געפּאַסט דעם צענטן אָוו?

דער אלטער אָרעמאַן האָט אומגעקערט דאָס פּאָנעם פון דער וואַנט צום באַלשעם, האָט אף אים פארוווּנדערט א בליק געטאָן און שטרענג געענטפערט:

— איך האָב נישט וואָס צו דערציילן, און נישטאָ צוליב וואָס...

— אָבער איך דאַרף, איר זאָלט דערציילן! — איז באַשטאַנען אף זײַנס דער באַלשעם.

— אויב איר דאַרפט, טאָ דערציילט, איך וויל נישט! — האָט געענטפערט מיט אַקשאָנעס[66] דער אָרעמאַן און אומגע־קערט זיך ווידער צו דער וואַנט.

דער באַלשעם האָט א שמייכל געטאָן און זיך געווענדט צום אוילעם:

— הערט, ייִדן, א מײַסע. אָבער איך וויל, אז קיינער פון אײַך זאָל נישט דורכלאָזן קיין איין וואָרט פון דעם, וואָס איך וועל דערציילן.

אין שול איז געוואָרן א טויטע שטילקייַט און אלע בליקן האָבן זיך געווענדט צום באלשעם:

— הייַנטיקס יאָר, טישעבאָוו[67], — האָט אָנגעהויבן דער באלשעם, — איז אַן אלטער ייִד, אַן אָרעמאַן, א מידער פון טאָנעס[68], פון היץ און פון א לאנגן וועג, פארגאנגען אין א דאָרף אָפּרוען זיך אין א ייִדישער קרעטשמע. דער קרעטשמער איז נישט געווען אין שטוב, און די קרעטשמערן איז געשטאַנען באם אויוון, ארויסגענומען געבאקטע ברויטלעך[69] און געלייגט אף א ברעט אָפּקילן. דערזעענדיק דעם אָרעמאַן, איז זי אוועק אין צווייטן כיידער[70], האָט געבראכט פון דאָרט א גראָשן און געגעבן אים א נעדאָווע. דער אָרעמאַן האָט אָפּגע-דאנקט און, אָפּרוענדיק זיך א ביסל, אוועק ווייַטער. א ווײַלע שפּעטער האָט זיך די קרעטשמערן געכאפּט, אז איר פעלט א ברויטל. זי האָט נישט געוווּסט, אז זי האָט מיטן קלייד אראָפּ-געוואָרפן פון ברעט דאָס ברויטל און עס האָט זיך אונטערגע-קייַקלט אונטערן אויוון. איז זי כוישעד[71] געווען דעם אָרעמאַן, אז ער האָט געגאנוועט[72] דאָס ברויטל. ווען דער קרעטשמער האָט זיך אומגעקערט אהיים, האָט זי אים דערציילט וועגן דער גנייווע[73]. דער קרעטשמער איז געוואָרן שטארק אין כאַס און נאָכגעלאָפן דעם אָרעמאַן. אפן וועג אין צווייטן דאָרף האָט ער אים אָנגעיאָגט, אָנגעהויבן זידלען פאר דער גנייווע און געמאָנט, ער זאָל אומקערן דאָס ברויטל. דער אָרעמאַן האָט זיך געשווירן, אז ער האָט דאָס ברויטל נישט געגאנוועט. דער קרעטשמער האָט אים ארומגעזוכט און, נישט געפינענ-דיק די גנייווע, אויסגעשריִען מיט א ווילדן כאַס:

— ווייניק, וואָס דו ביסט א גאנעוו, האָסטו נאָך אום טי-שעבאָוו אופגעפרעסן דאָס געגאנוועטע ברויטל!

און ער האָט שטארק געשלאָגן דעם אָרעמאַן.

א לאנגע צײַט איז געלעגן דער געשלאָגענער, צעבלוטיק-

טער ייִד אויפֿן וועג. ווען ער איז געקומען צו־זיך, איז שוין געווען פֿאַרנאַכט. ער האָט אָפּגעדאַוונט מינכע[74] און אוועקגעשלעפּט זיך אין נאָענטסטן דאָרף און ווידער אַרײַן אין א קרעטשמע. דער קרעטשמער האָט אים פֿאַרגעלייגט אָפּפּאַסטן[75] זיך, נאָר ער האָט זיך אָפּגעזאָגט און אָן האַפּסאָקע[76] האָט ער געפֿאַסט אויך דעם צווייטן טאָג, דעם צענטן אָוו...

און דער באַלשעם האָט ווידער באַקוקט דעם אוילעם און געפֿרעגט:

— איר האָט גוט געהערט, וואָס איך האָב דערציילט?

דערמיט האָט דער אַלטער אָרעמאַן זיך א קער געטאָן צום באַלשעם און אויסגעשריִען מיט רויגזע[77]:

— וואָס ווילט איר פֿון מיר? ווי האָב איך געקענט אַנדערש טאָן? עס איז באַגאַנגען געוואָרן א גרויסער כעט[78]: א ייִד איז כוישעד געווען אַן אומשולדיקן ייִדן אין גנייווע און אופֿגעהויבן אַף אים די האַנט. אָבער דער קרעטשמער האָט דאָך ניט געוווּסט פֿון זײַן זינד, ער האָט נאָך גערעכנט, אַז ער טוט א מיצווע[79], וואָס ער שטראָפֿט א גאַנעוו און א זינדיקן. נישט ווייסנדיק זײַן זינד, האָט ער נישט געקענט טשווע טאָן. אָבער איך האָב דאָך געוווּסט פֿון זײַן זינד. ווי זשע האָב איך געקענט אַף דעם נישט טשווע טאָן? האָב איך געפֿאַסט דעם צענטן אָוו און געבעטן דעם אייבערשטן, ער זאָל מויכל זײַן דעם קרעטשמער זײַן אומשולדיקע זינד...

— אויב אַזוי, — האָט זיך אָפּגערופֿן פֿריילעך דער באַלשעם, — טאָ וואָס זשע שווײַגט ר׳ וואָלף? ס׳איז דאָך צײַט צו זאָגן שאַכרעס[63].

און ווי נאָר דער אַלטער אָרעמאַן האָט געענדיקט זײַנע ווערטער, האָבן די ייִדישע טשוועס אָנגעהויבן לײַכטן, און האָבן זיך א צי געטאָן צום קיסע־האַקאָוועד.

און דער סאָטן, אָנמעכטיק אין זײַן ווילדן קאַס, איז געבליבן אַליין אין פֿאָדער־פּאַלאַץ אַן אָפּגעשטויסענער און א פֿאַרשעמטער.

# טפילע

אין אַ ווײַטן ווינקל פון שול איז געזעסן יאַנקל דער קרעטשמער, וואָס האָט זיך אַפילע צווישן די קרעטשמערס גערעכנט פאַר אַ גראָבן אַמאָרעץ.[80] בא אים איז געווען אַ בעניאָכיד,[81] אַ יינגל פון אַ יאָר צוועלף, וואָס איז געווען פונקט אַזוי פאַרגרעבט, אַז מע האָט אים בעשום־אויפן[82] נישט געקענט אויסלערנען דעם אַלעפבייס.[83] יאַנקל האָט מוירע געהאַט, ווען ער לאָזט דאָס יינגל אַליין אין דאָרף, וועט ער עסן אום יאָמקיפּער. האָט ער אים גענומען מיט זיך און געהאַלטן לעבן זיך אין שול. דאָס יינגל האָט די גאַנצע צײַט געזעסן, ווי הונדערטער מענטשן, אויסשפּרייטנדיק די הענט אין דער הייך, קלאָגן און בעטן מיט גרויס האַרציקײַט, — און אין זײַן שטומער נעשאָמע האָט זיך אויך אופגעוועקט אַ דאָרשט צו דערהייבונג און צו טפילע. נאָר ניט וויסנדיק קיין שום הייליק וואָרט, האָט ער נישט געהאַט, מיט וואָס אויסצודריקן זײַן בענקשאַפט, און ער האָט געשוויגן און זיך געמאַטערט.

אַראָפּלאָזנדיק די האַנט אין קעשענע, האָט דאָס יינגל דאָרט געפונען אַ ליימען פײַפל צו פײַפן אין פעלד באַם צונויפרופן די בעהיימעס.[84] און אים האָט זיך פאַרגלוסט אַ פײַף צו טאָן. ער האָט געזאָגט צום פאָטער:

— טאַטע! איך האָב מיט זיך אַ פײַפל. איך וועל אַ פײַף טאָן!

דער פאָטער האָט אף אים אָגעשריִען און שטרענג פאַרווערט צו פײַפן. אָבער דער ווילן צו פײַפן האָט זיך באַם יינגל אַלץ געשטאַרקט, און אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער ווידער געבעטן דעם פאָטער, ער זאָל אים לאָזן אַ פײַף טאָן. דער פאָטער האָט נאָך שטרענגער אָנגעשריִען אף אים. אָבער ווען מע האָט אָנגעהויבן מוסעף[85] און די שול האָט זיך ווידער צעגאָסן אין געבעט, האָט זיך באַם יינגל דער דאָרשט צו פײַפן אַזוי פאַרשטאַרקט, אַז ער האָט אויסגעשריִען צום פאָטער:

— טאַטע! איך קען זיך נישט אײַנהאַלטן! איך וועל אַ פײַף טאָן!

דעמלט האָט דער קרעטשמער אָנגעטאפּט באם יינגל דאָס פּייפל אין קעשענע, האָט עס פון דרויסן פארקוועטשט אין האנט און נישט אָפּגעלאָזט די גאנצע צײַט פון מוסעף.

פון דעם לײַדנשאפטלעכן דאַרשט אויסצוגיסן זיין געבעט אין א גרויסן און שטארקן קאָל,[86] האָט דאָס יינגל איינגאנצן געציטערט, האָט זיך ביטער געמאטערט און פון די אויגן האָבן זיך בא אים געגאָסן טרערן.

* * *

נעילע[18] האָט געוויינלעך געזאָגט דער באַלשעם אליין.

ווען ער איז צוגעקומען צום אָמעד און אופגעהויבן די אויגן צום הימל, איז ער פארציטערט געוואָרן פון דעם, וואָס ער האָט דערזען. און ער האָט זיך אופגעהויבן צום פּאָדער־פּא־לאץ און געוואָלט אהין ארײַן. נאָר די טויערן זײַנען געווען צוגעמאכט און אף זיי איז געהאנגען א שווערער שלאָס. דער באַלשעם האָט געפּרוווט אים אראָפּנעמען, נאָר ער האָט נישט געקענט. און ער איז אוועק אין די אנדערע פּאלאצן. נאָר דאָרט איז געווען א גרויסע מעהומע[87] און קיינער האָט אים נישט געקענט העלפן. און ער האָט באגעגנט זיין רעבן און זיך געווענדט צו אים מיט א געשריי:

— רעבע! דאָס יידישע פאָלק שטייט אין א גרויסער סא־קאָנע![88] העלפט מיר ארײַנדרינגען אין פּאָדער־פּאלאץ!

נאָר דער רעבע האָט מיט א געוויין געענטפערט, אז ער קען אים נישט העלפן, און דער באַלשעם איז אוועק צו עלייאָ־הו־האנאָווי[89] און אָנגעהויבן בעטן, ער זאָל אים עפענען די טויערן פון פּאָדער־פּאלאץ. און עלייאָהו־האנאָווי האָט אים געענטפערט:

— די טויערן פון דעם פּאלאץ האָט קיינער קיין רעשוס[90] ניט צו עפענען, כוץ יאנקעוו־אָווינו,[91] גיי צו אים!

און דער הייליקער באַלשעם איז אַוועק צום גאַניידן,[92] נאָר דעם מאַלעך מיט דעם צווייִשאַרפיקער שווערד האָט אים פאַרצוימט דעם וועג. און אין דער גרעסטער פאַרצווייפלונג האָט דער באַלשעם אויסגעשריִען:

— יאַנקעוו! יאַנקעוו! ענטפער מיר!

און עס איז פאַרציטערט געוואָרן די שול פון באַלשעמס געשריי. און עס האָט א ציטער געטאָן יאַנקל דער קרעטשמער. מיינענדיק, אַז דער באַלשעם רופט דאָס אים, איז ער אופגעשפרונגען פון אָרט און האָט דערבײַ אָפּגעלאָזן דאָס פײַפל, וואָס ער האָט געהאַלטן פון דרויסן פאַרקוועטשט אין דער האַנט.

און ווי נאָר דאָס ייִנגל האָט דערפילט, אַז די קעשענע איז אים פרײַ, האָט ער אַרויסגעכאַפּט דאָס פײַפל, האָט זיך צוגעזויגן צו אים מיט די ליפּן און האָט אַרויסגעגעבן א שטאַרקן און א לאַנגן פײַף... ער האָט אויסגעדריקט די גאַנצע היסלײַוועס[93] און הייליקע אָנשטרענגונג פון זײַן שטומער נעשאָמע.

* * *

און דער פײַף פון דעם ייִנגל האָט דורכגעהאַקט אַלע הימלען, איז אַרײַן מיט שטורעם אין פּאָדער־פּאַלאַץ, האָט אָפּגעשטויסן דעם סאָטן, האָט אָנגעצונדן די פאַרלאָשענע טפילעס און מיט זיי צוזאַמען אַוועקגעטראָגן זיך צום קיסע־האַקאָוועד.

און ווען די טפילעס האָבן זיך באַהעפט מיט דער ייִדישער טשוווע און צדאָקע און דערגרייכט צו די אונטערטרעפּ פון קיסע־האַקאָוועד, האָט דער אַלמעכטיקער איבערגעצויגן צו זיי דעם פאָדעם פון לײַטזעליקײַט[94] און צוגענומען זיי אין זײַן שויס. און אין דער זעלבער רעגע איז דער בייזער גזאַר־דין געבראָכן געוואָרן, פאַרביטן געוואָרן.

ווי נאָר איז שול האָט דורכגעהילכט דעם יינגלס פייַף, האָט דער באַלשעם אָנגעהויבן זאָגן נעילע מיט גרויס פרייד און היסלייַוועס.

און אַז מע האָט אָפּגעדאַוונט מייַרעוו[95] און דער אוילעם איז ארויס פון שול, איז דער הימל געווען ליטער און אף אים האָט געשוועבט א פולע לעוואָנע.[96] און דער הייליקער באַלשעם האָט מעכאדעש[97] געווען די לעוואָנע און האָט מיט פרייד געזאָגט צום אוילעם, וואָס האָט אים ארומגערינגלט:

— איך בין באַטועך[98], אַז מיר האָבן אויסגעבעטן בא גאָט א גוט יאָר, קיין טראָפּן יידיש בלוט וועט נישט פארגאָסן ווערן!

און דער אוילעם האָט אף דעם געענטפערט:

— אָמיין![99]

# באמערקונגען

| | | |
|---|---|---|
| 1. | „ותשובה ותפילה וצדקה מעבירין את רוע הגזרה" | Но покаяние, молитва и милостыня отменяют злое постановление *(из молитвы на Йом-Киппур)* |
| 2. | גזאר־דין [גזר־דין] | приговор суда |
| 3. | אסאָרע־יימיי־טשוווע [עשרת־ימי־תשובה] | десять дней покаяния |
| 4. | באָרוך הו [ברוך־הוא] | благословен Он |
| 5. | מייַסים [מעשים] | поступки, дела |
| 6. | האקאָדעש־באָרוך הו [הקדוש־ברוך־הוא] | Пресвятой, благословен Он |
| 7. | מישפּעטן [משפטן] | судить |
| 8. | שאָ [שעה] | час |
| 9. | מילכאָמע [מלחמה] | война |
| 10. | מאלאָכים [מלאכים] | ангелы |
| 11. | קויכעס [כוחות] | силы |
| 12. | גוירל [גורל] | судьба |

| | | |
|---|---|---|
| 13. | ייִסראָעל [ישראל] | Израиль |
| 14. | מענאַצייעך [מנצח] זײַן | победить |
| 15. | טפילע, טשווע און צדאָקע | см. примеч. 1 |
| 16. | סיידער [סדר] | порядок |
| 17. | יאָמקיפּער [יום־כיפור] | Йом-Киппур, Судный День |
| 18. | נעילע [נעילה] | Неила, заключительная молитва Судного Дня |
| 19. | באַלשעמטאָוו [בעל־שם־טוב] | Израиль Бешт (Бал-шем-тов), основатель хасидизма |
| 20. | דייע [דעה] זאָגן | *зд.* иметь влияние |
| 21. | סאָטן [שטן] | сатана |
| 22. | גווורע [גבורה] | сила, могущество |
| 23. | גייווער [גובר] זײַן | одолеть, победить |
| 24. | ערעוו [ערב] | *зд.* накануне, в предыдущий день |
| 25. | יאָמים־נוראָים [ימים־נוראים] | «дни трепета» — десять дней от Рош-Ашоно до Йом-Киппура |
| 26. | קאָהאָלשע [קהל] | общинные |
| 27. | נעדאָוועס [נדבות] | милостыня |
| 28. | מאַטבייעס [מטבעות] | монеты |
| 29. | בסורע [בשורה] | весть |
| 30. | כל־נדרי | Кол-Нидрей, первая молитва на Йом-Киппур |
| 31. | פּאָנעם [פנים] | лицо |
| 32. | טאַלמידים [תלמידים] | ученики |
| 33. | אוילעם [עולם] | *зд.* собравшиеся в синагоге |
| 34. | פאַרפאַסטן | последняя трапеза перед постом |
| 35. | סוויווע [סביבה] | окружение |
| 36. | קימאַט [כמעט] | почти |
| 37. | פּאַכעד [פחד] | страх |
| 38. | אָמעד [עמוד] | амвон, возвышение для кантора |
| 39. | ביטאָכן [בטחון] | упования |
| 40. | כאַזן [חזן] | кантор |
| 41. | איימע [אימה] | страх |
| 42. | בגאָדים [בגדים] | одежда |
| 43. | קיסע־האַקאָווע‎ד [כסא־הכבוד] | престол славы |
| 44. | פּאָרעץ [פריץ] | помещик |
| 45. | ראַטע | арендная плата |
| 46. | מישפּאָכע [משפחה] | семья |
| 47. | קעדיי [כדי] | чтобы |
| 48. | כאַדאָשים [חדשים] | месяцы |

| | | |
|---|---|---|
| 49. | ראכמאָנים בניי ראכמאָנים [רחמנים בני רחמנים] | милосердные, дети милосердных |
| 50. | כויוו [חוב] | долг |
| 51. | רענדלעך | золотые монеты |
| 52. | ייִעש [יאוש] | отчаяние |
| 53. | נאשפּיץ | цугом |
| 54. | שמיץ | удар кнутом |
| 55. | רעגע [רגע] | мгновение |
| 56. | מיסטאמע [מסתמא] | вероятно, возможно |
| 57. | מוירע [מורא] האָבן | бояться |
| 58. | איבערכאזערן [איבערכזרן] | повторять |
| 59. | כאָשעווע [חשובע] | уважаемые |
| 60. | קאס [כעס] | гнев |
| 61. | געהארגעט [געהרגעט] | убил |
| 62. | ביפּראט [בפּרט] | в частности |
| 63. | שאכריס [שחרית] | «Шахрис» — утренняя молитва |
| 64. | טאלעס [טלית] | талес — молитвенное облачение |
| 65. | פאסטן דעם צענטן אָוו [אב] | пост девятого числа месяца Ава (дополнительно к принятому посту девятого Ава) |
| 66. | אקשאָנעס [עקשנות] | упрямство |
| 67. | טישעבאָוו (תשעה־באב) | пост девятого числа месяца Ав в память о разрушении Иерусалимского храма |
| 68. | טאָנעס [תענית] | пост |
| 69. | ברויטלעך | хлебцы |
| 70. | כיידער [חדר] | *зд.* комната |
| 71. | כוישעד [חושד] זײַן | подозревать |
| 72. | גאנוועגען [גנבנען] | воровать |
| 73. | גנייווע [גנבה] | кража, украденное |
| 74. | מינכע [מנחה] | Минха — послеполуденная молитва |
| 75. | אָפּפאסטן זיך | поесть после поста |
| 76. | האפסאָקע [הפסקה] | перерыв |
| 77. | מיט רוגזע [רוגזה] | сердито |
| 78. | כעט [חטא] | грех |
| 79. | מיצווע [מצווה] | *зд.* доброе, богоугодное дело |
| 80. | אמאָרעץ [עם־הארץ] | невежда |
| 81. | בעניאָכיד [בן־יחיד] | единственный ребенок |
| 82. | בעשום־אויפן [בשום־אופן] | никак |
| 83. | אלעפבייס [אלף־בית] | алфавит |
| 84. | בעהיימעס [בהמות] | коровы |

| | |
|---|---|
| Мусаф — добавочная дневная праздничная молитва | 85. מוסעף (מוסף) |
| голос | 86. קאָל [קול] |
| переполох, паника | 87. מעהומע [מהומה] |
| опасность | 88. סאקאָנע [סכנה] |
| пророк Илья | 89. עליִיאָהו־האנאָווי [אליהו הנביא] |
| право | 90. רעשוס ]רשות[ |
| праотец Иаков | 91. יאנקעוו־אָווינו [יעקב אבינו] |
| эдем, рай | 92. גאניידן [גן־עדן] |
| возбуждение, энтузиазм | 93. היסלײַוועס [התלהבוס] |
| благоволение | 94. לײַטזעליקײַט |
| Майрев — вечерняя молитва | 95. מײַרעוו [מעריב] |
| луна | 96. לעוואָנע [לבנה] |
| Совершить обряд благословения новой луны | 97. מעכאדעש [מחדש] |
| уверенный | 98. באָטועך (בטוח) |
| аминь | 99. אָמיין (אמן) |




# א נײַע קונסטקענטעניש־אויסגאבע

אין יוגנט־נומער פונעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאַנד” פאר יול 1989 האָט די רעדאקציע דערציילט וועגן אונדזער מינכענער (דײַטש־לאַנד) לייענער כאַים פראנק. צווישן אנדערע פראָטים פון כ. פראנקס ביאָגראפיע איז געווען אָנגעוויזן, אז ער פירט א „פריוואטן דאָקומענ־טאציע־ארכיוו פון ייִדישע קינסטלער”. אדאנק דעם ארכיוו האָט דער זשורנאל באקומען א מעגלעכקײַט צו באקאנען דעם לייענער מיט נײַע ווערק פונעם ייִדישן קינסטלער גאווריִעל גליקמאן, וועלכער לעבט איצט אין מינכען (זע „סאָוועטיש היימלאַנד” נומ. 8, 1990).

לעצטנס האָט כאַים פראנק איבערגעשיקט דער רעדאקציע די ערשטע נומערן פון דער פעריאָדישער אויסגאבע „מיטיילונגסבלאט” — אן איליוסטרירטן ביולעטען, וואָס דרוקט מאטעריאלן וועגן ייִדישע קינסטלער, קונסט־אויסשטעלונגען, ביכער, נײַס פונעם ייִדישן קולטור־לעבן. אין דער זעלבער צײַט גייען ניט די אווטאָרן פון דער „מיטיי־לונגסבלאט” פארבײַ אזעלכע „ריין פובליציסטישע” פראָבלעמען, ווי אנטיסעמיטישע אנטפלעקונגען, דערין אין ראטנפארבאנד.

די נײַע אויסגאבע איז אויסגערעכנט דעריקער פאר ארכיוון, מו־זייען, אנדערע ייִדישע אינסטיטוציעס אין דער וועלט.

# ЭЛЬ ЛИСИЦКИЙ

Сто лет, прошедшие со дня рождения Элиезера Лисицкого (10 [22] ноября 1890—30 декабря 1941), отнюдь не были периодом постоянного нарастания его творческой славы. Если в первое послереволюционное пятилетие он по праву считался одним из наиболее самобытных художников в России, в двадцатые годы был не менее обоснованно относим к числу ведущих художников европейского авангарда, в начале тридцатых прославился как создатель политического фотомонтажа, автор прогремевших на весь мир общественно-политических выставок, то ко времени своей безвременной кончины он был уже полузабытым автором произведений списанных, как казалось тогда, «в архив» истории искусств.

За прошедшие с тех пор почти полвека в нашей стране о Лисицком писали скупо. Можно сказать, что читатели «Советиш Геймланд» оказались в выигрышном положении: в № 10 журнала за 1974 год была опубликована статья Израиля Ковельмана «Еврейская графика Эль Лисицкого» — как всегда у этого автора, точная, исчерпывающая, лапидарная. В 1987 году она была перепечатана в книжке И. Ковельмана «Заметки о еврейской графике и живописи», вы-

шедшей как приложение к журналу «Советиш Геймланд».

Нынешний, декабрьский выпуск «Советиш Геймланд», печатает две оригинальные, написанные и опубликованные впервые на идиш статьи Эль Лисицкого, раскрывающие нам его не только как яркого художника, но и как страстного пропагандиста национального и авангардистского искусства. Статьи эти, вышедшие в свет в двадцатые годы, характеризуют активность и напряженность той творческой атмосферы, в которой жили еще молодые тогда Перец Маркиш и Лейб Квитко, Михоэлс и Зускин, Натан Альтман и Элиезер Лисицкий, а вместе с ними десятки и сотни тысяч евреев России, для которых они работали.

Многое из сказанного Лисицким в этих статьях существенно для понимания художественного процесса того времени. Он стремился проникнуть в суть явления, открыть и сформулировать его законы, но, в отличие от ряда своих современников, никогда не претендовал на роль законоучителя, был далек от художественного догматизма. Лейтмотивом его творчества и всей жизни было переустройство мира, построение нового общества. Преданность этой задаче и полная самоотдача в поисках путей ее решения обусловили тот факт, что Лисицкий не оглядывался в своем поиске. Порой кажется, что у него не было ни времени, ни интереса для трезвой оценки происходящего, что он всегда оставался во власти наивного, с нашей сегодняшней точки зрения, идеализма.

Органичность обращения художника к еврейскому материалу диктовалась как сугубо личными, так и более широкими творческими интере-



Э. Лисицкий в мастерской

6—567

сами художника. Среда, в которой он вырос, определяла особо острый интерес к еврейской культуре, как генетический, так и осознанный, взращенный.

Известно, что художники русского авангарда черпали в народном искусстве истоки своих многообразных поисков. Лубок был в равной степени близок и необходим и М. Ларионову, и К. Малевичу, и В. Маяковскому. Они изучали и осмысливали материалы народного искусства в его различных проявлениях, открывали в нем многое для себя, но открывать сам материал им почти не приходилось. Это сделали задолго до них этнографы, фольклористы, искусствоведы.

Иначе обстояло дело с наследием еврейского народного искусства, которое стало осознаваться как полноправная область художественной культуры именно в те годы, когда начинался творческий путь Эля Лисицкого. Тринадцатилетним мальчиком, гостя у родителей в Витебске, он впервые побывал в мастерской профессионального живописца Юрия (Иегуды) Пэна, ныне широко известного как учителя Марка Шагала. Среди учеников Пэна были, однако, и другие художники, в частности, О. Цадкин, Д. Якерсон, С. Юдовин. Вполне вероятно, что именно этот круг художников имел ввиду Лисицкий, когда говорил, что с пятнадцати лет был в содружестве коллег, связанных общими интересами.

Не удивительно, что работу в области еврейской графики художник тоже начал с изучения и копирования памятников деревянного народного зодчества. В 1916 году по поручению Еврейского историко-этнографического общества Лисицкий совместно с графиком И.-Б. Рыбаком

совершил поездки по ряду городов и местечек белорусского Поднепровья и Литвы с целью выявления и фиксации памятников еврейской старины. Старинные синагоги и средневековые еврейские кладбища привлекли внимание Лисицкого еще в годы его учебы в Германии, сохранились свидетельства его посещения, в частности, синагоги XIII века в Вормсе. Здесь же, на родной земле, художник обнаружил памятник национального искусства, который в большой мере послужил импульсом его собственных творческих исканий в последующие годы. Это были росписи синагоги в Могилеве, охарактеризованные Лисицким как «явление большой культуры». Великолепные копии этих росписей, сделанные художником, и его статья об этом памятнике еврейского искусства, с которой знакомит вновь современного читателя «Советиш геймланд», были впервые опубликованы им в журнале «Римон — Милгройм» № 3 за 1923 г.

Росписи могилевской синагоги не только поразили Лисицкого своей творческой свободой, но и научили его выражать самые глубокие представления о жизни и судьбе человека и народа с той силой художественной непредвзятости, которая помогла ему преодолеть манерность языка его первых феерических произведений. Мысленно возвращаясь к ним во время работы над самостоятельными произведениями в последующие годы, художник все решительнее побеждал в себе привычку к стилизации — пути наиболее простому в работе над экзотическим народным материалом. Об этом приходится говорить, потому что сам Лисицкий, судя не столько по сохранившимся прямым свидетельствам, сколько по самой логике развития его творче-

